Pushkin, Aleksandr
Sergeevich.
Dramatishe verk.
Kiev, 1937.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1889.6

**Pushkin, Aleksandr Sergeevich, 1799-1837.**
Plays. Yiddish
Dramatishe verk / A.S. Pushkin. Kiev : Melukhe-farlag far di natsyonale minderhaytn in USRR, 1937.
266 p. : port. ; 18 cm.
Boris Godunov translated by Lipe Reznik; all others by David Hofstein. Boris Godunov -- Der karger riter -- Motsart un Salyeri -- Der shteynerner gast -- A bal in tsayt fun pest -- Di rusalke -- Stsenes fun riterishe tsaytn -- Kurtse yedies vegn Pushkins drames.

1. Russian drama--Translations into Yiddish.--lcsh
I. Reznik, Lipe, 1890-1944. II. Hofstein, David, 1889-1952. III. Ukraine-Kiev

ID : NXYH01-B5729 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /4984

Reduction ratio x 10.0

א. ס. פושקין

# דראמאטישע ווערק



מעלוכע־פארלאג
פאר די נאציאנאלע מינדערהייטן אין אוסרר
קיעוו—1937

Printed in Soviet Union



געמעלן, סופער־הילע און פאָרזאַצ
פון קינסטלער אי. פלעשטשינסקי

אפן אײַנבונד
א. ס. פושקינס אוטאָפאָרטרעט

פאַראַנטוואָרטל. רעדאַקטער — ל. מיש־קאָווסקי. טעכנישער רעד. — מ. זאַ־רעצקי. קאָרעקטער—אי. שטולמאַנ. פאַפיר 110 × 72 — 1/32 — 50 קג. 8 3/8 דרוק־בויגנ. אינ 1 פאַפיר־בויגנ 120 000 צייכנס. טיראַזש — 3 500 עקז. פאַר־לאַג־נומ. 159־Є. 9־טע רעפובליק. פאָליגראַפישע פאַבריק אוּפּקפּ״ט. קיִעוו, רויטער פלאַצ 2a. באַשטעלונג נומ. 927. באַפולמעכטיקטער פונ הויפּטליט נומ. 3485. אָפּגעגעבנ אינ זאַצ — 26/X—1936, אונ־טערגעשריבנ צומ דרוק 4/1 — 1937.



# באָריס גאָדונאָוו.

.1825

דעמ פאַר די רוסנ ווערטפולנ אָנדענק פונ
גיקאָלײַ מיכײַלאָוויטש קאַראַמזינ די דאָזיקע אַר־
בעט, וואָס איז דורכ זײַנ זשעני באַגײַסטערט, מיט
ערע־פורכט אונ דאַנקבאַרקײַט ווידמעט

אלעקסאנדער פושקינ.

## קרעמלישער פאַלאַצ.

(1598 יאָר, 20 פעווראַל).

די פירשטנ שויסקי אונ וואָראָטינסקי.

### וואָראָטינסקי.

געשטעלט מ'האָט ביידנ אונדז אפ שטאָט צו שאפנ,
נאָר, דוכט זיכ, ועמענ אופזוענ איז ניטאָ:
ס'איז מאָסקווע פוסט, ס'איז נאָכנ פאַטריאַרכ[1] נאָכ

1 פאַטריאַרכ — דער אָנפירער פונ דער פראַוואָסלאַווישער קירכע אונ פונ די גײַסטלעכע.

אינ מאָנאסטיר אוועק אויכ ס׳גאנצע פאָלק.
וואָס, מיינסטו, ט׳זײַנ דער סאָפ פונ דער בעהאָלע?

שויסקי.

דער סאָפ? זיכ אָנשטויסנ איז גאָר ניט שווער:
דאָס פאָלק וועט נאָכ א יאָמער טאָג, א וויינ טאָנ,
באָריס וועט נאָכ א ביסל זיכ א קנייטש טאָנ,
אָט ווי דער שיקער בא א גלעזל ווײַנ,
אונ ענדלעכ מיט זײַנ גנאָד האכנאָעדיק
באוויליקנ וועט אָנעמענ די קרוינ;
אונ דאנ, דאנ ט׳ער געוועלטיקנ אפ אונדז,
ווי פריִער.

וואָראָטינסקי.

ס׳אָבער שוינ א כוידעש, זינט
אינ מאָנאסטיר, דערוויַיטערט מיט זײַנ שוועסטער,
האָט ער, דוכט, אלדאָס וועלטלעכע פארלאָזנ.
אונ ניט דער פאטריִארכ, ניט די באָיארנ
אים איַינבעטנ ביז איצט האָבנ געקענט;
ער הערט ניט קיינ געבעט, קיינ רייד, קיינ טרערנ,
ניט דעם געיאָמער פונ גאנצ מאָסקווע־שטאָט,
אונ ניט די שטימ פונ דעם סאָבאָר דעם גרויסנ[1].
די שוועסטער זײַנע מ׳האָט אומזיסט געבעטנ,
זי זאָל באָריסנ בענטשנ אפ דער מלוכע;

1 גרויסער סאָבאָר, אָדער זעמסקי סאָבאָר — צונויפגערופנ געוואָרנ אינ 1598 יאָר נאָכנ טויט פונ קייסער פיאָדאָר, וואָס האָט קיינ יוירעש ניט געלאָזנ, אפ אויסצוויילנ א נײַעמ קייסער. אינ באשטאנד פונ סאָבאָר זײַנענ ארײַנ העכערע גײַסטלעכע, באָיארנ, פאָרשטייער פונ דער העלערער ארמיניסטראציע, געווייַלטע פונ ארעליקע אונ סאָכרים.



די טרויעריקע קייסערנ־מאָנאשקע
איז הארט, ווי ער, ווי ער, ניט צו דערבעטנ:
באָריס אליינ האָט, קענטיק, אָט דעם גײַסט
אינ איר ארײַנגעגעבנ. וואָס, אויב ס׳איז
דעם הערשער אפדערעמעס שוינ דערעסנ
די דײַגעס מלוכישע, אונ ער׳ט אפ טראָנ
אפ מאכטלאָזנ ניט אופגיינ? וואָס וועסטו
דאנ זאָגנ?

שויסקי.

איכ וועל זאָגנ, אז אומזיסט
פארגאָסנ איז דאָס בלוט פונ קינד דעם פרינצ;
אז אויב אזוי, געקאָנט וואָלט דמיטרי[1] לעבנ.

וואָראָטינסקי.

א שרעקלעכע רעציכע! גיי שוינ, ווירקלעכ
דעם פרינצ האָט אומגעבראכט באָריס?

שויסקי.

ווער דענ־זשע?
ווער אונטערג׳קויפט אומזיסט האָט טשעפטשוגאָוונ?[2]
ווער אונטערג׳שיקט האָטביידע ביטיאגאָווסקיס,

1 דימיטרי־פרינצ — איוואנ דעמ גרויזאמענס א זונ; ווענ פיאָדאָר איז געווענ קייסער, איז דימיטרי מיט זײַנ מוטער געווענ ארויסגעשיקט אינ דער שטאָט אוגליטש, ווו דער פרינצ איז בא ניט אויסגעקלאָרטע אומשטאנדנ דערמאָרדעט געוואָרנ. ס׳זײַנענ פארשפרייט געוואָרנ קלאנגענ, אז גאָדונאָוו האָט אונטערגעשיקט די מערדער. בא דער מיינונג, אז גאָדונאָוו איז שולדיק אינ דימיטריס טויט, האָט זיכ געהאלטנ דער באוווסטער רוסישער היסטאָריקער קאראמזינ, אונ נאָכ אים האָט פושקינ אויכ זיכ געהאלטנ בא דער מיינונג.

2 טשעפטשוגאָוו ניקיפאָר — ווערט דערמאנט אינ אלטע שריפטנ אלס א באאמטער, וואָס גאָדונאָוו האָט אים פאָרגעלייגט צו דערמאָרדנ דימיטריִענ, נאָר ער האָט זיכ אָפגעזאָגט.

קאטשאלאָוונ[1] ? מ׳האָט מיך געשיקט אין אוגליטש
צו אויספאָרשן דאָרט אפן אָרט די זאך:
כ׳בין אָנגעפאָרן נאָך אפ פרישע שפורן;
די גאנצע שטאָט געווען אן איידעס איז
פון דעם פארברעך; די בירגער האָבן אלע
באוויזן איינ(יק; און, זיך אומקערנדיק,
געקענט האָב איך מיט איין און איינציק וואָרט
דאן אופדעקן דעם עמעסן רויצייעך.

וו אָ ר אָ ט י נ ס ק י.

פארוואָס זשע דען האָסטו אים ניט פארניכטעט ?

ש ו י ס ק י.

ער האָט מיך, איך בין עדות, דאן געפלעפט
מיט רויִקייַט, מיט אומגעריכטער כוצפע;
געקוקט מיר אין די אויגן, וו׳א גערעכטער:
מיך אויסגעפרעגט, אריַינגעגאנ אין פראָטים,
און איך האָב נאָכגעזאָגט פאר אים דעם אומזין,
וואָס ער׳ט אליינ אריַינגערעדט אין מיר.

וו אָ ר אָ ט י נ ס ק י.

ניט ערלעך, פירשט.

ש ו י ס ק י.

וואָדען געזאָלט כ׳האָב טאָן ?
אלץ מעלדן פיאָדאָרן ? נאָר ס׳האָט דער קייסער
אפ אלץ מיט אויגן גאָדונאָווס געקוקט,
מיט אויערן מיט גאָדונאָווס געהערט;

1 ב י ט י א ג אָ ו ס ק י מיכאיל און זיַין זון דאנילאָ, ק א ט ש א ל אָ ו ני־קיטא — זיַינען פארדעכטיקט געוואָרן, אז זיי האָבן דערמאָרדעט דימיטריִען, און דער האמוינ האָט זיי דערהארגעט.



אפילע כ׳וואָלט אים איבערציַיגט אין אלץ,
וואָלט באלד באָריס געווען אים איבערעדן,
און דאן וואָלט מען נאָך מיך פארשיקט אין טפיסע,
און, ווי מיַין פעטער, אין א גוטער שאָ,
דערשטיקט מיך ערגעץ אין א העק, א טורמע.
איך וויל זיך ניט בארימען, נאָר, ווען ס׳מאכט זיך—
וועט מיך קיין שטראָף, פארשטייט זיך, ניט דערשרעקן;
כ׳בין ניט קיין פאכדן, אָבער אויך קיין נאר ניט
און כ׳וויל אומזיסט ניט קריכן אפ דער טליִע.

וו אָ ר אָ ט י נ ס ק י.

א שרעקלעכע רעציכע! הער, מיסטאמע,
ניט רוען לאָזט דעם גאזלען די כאראָטע:
פארשטייט זיך, ס׳בלוט פון אומשולדיקן קינד
דערלאָזט אים ניט דעם טראָן באטרעטן.

ש ו י ס ק י.

ער׳ט איבערשפאנען; ער איז גאָר ניט שרעקיק!
ס׳א קאָווען ס׳איז פאר אונדז, פאר גאנצן רוסלאנד!
א טאָטער[1], נעכט׳קער קנעכט, מאליוטעס[2] איידעם,
א טאליענס[3] איידעם, זעלבסט אין הארץ א טאליען,
די בארמעס נעמט, די קרוינ פון מאָנאָמאכן...

1 ב אָ ר י ס ג אָ ד ו נ אָ ו האָט געשטאמט פון טאָטערן.

2 מ א ל י ו ט א ס ק ו ר א ט אָ ו — איינער פון יאָאן דעם גרויזאמענס אָפריטשני־קעס, געווען באוווסט מיט זיַין בלוטדורשטיקייַט, פלעג אָנטיילנעמען פערזענלעך אין קעפונגען. באָריס גאָדונאָוו האָט כאסענע געהאט מיט זיַין טאָכטער.

3 ב א ר מ ע ס פ ו נ מ אָ נ אָ מ א כ נ — א האלדזבאנד, געווען צוגעשיקט פון וויזאנטיע דעם פירשט וולאדימיר מאָנאָמאכן אין XII י. ה., און דערנאָך א שטענ־דיקער באשטאנדטייל פון דעם צירונג, וואָס עס פלעגן טראָגן די רוסישע קיי־סאָרים.

ווּאָראָטינסקי.

יאָ, גרויס איז ניט זײַן ייִכעס; אונדזערער
איז גרעסער.

שויסקי.

כ'מיין.

וואָראָטינסקי.

ס'דאַכט שויסקי, וואָראָטינסקי...
א קליינינקײַט, געבוירענע דאָכ פירשטן.

שויסקי.

געבוירענע און נאָכ פון רוריקס[1] בלוט.

וואָראָטינסקי.

הער אויס מיכ, פירשט, מיר וואָלטן רעכט דאָכ האָבן
נאָכ פיאָדאָרן די יאָרשים זײַן.

שויסקי.

נאָכ מערער
פון גאָדונאָוון.

וואָראָטינסקי.

עמעס טאקע.

שויסקי.

וואָס זשע?
אויב ס'וועט באָריס ניט אופהערן זיכ קליגלען,
קום לאָמיר קונציק אופרעגן דאָס פאָלק;

1 די מאָסקווער קייסאָרים האָבן געצויגן זייער ייִכעס פון דעם ערשטן רו־סישן פירשט רוריק, א וואריאגישער (סקאנדינאווישער) קריגכפירער, וואָס איז לויט דער ליעטאָפּיס, גערופן געוואָרן צו זײַן א פירשט אין נאָווגאָראָד אין 862 יאָר; א סאך באָיארישע מישפּאָכעס האָבן אויכ געפירט זייער ייִכעס פון רוריקן.



אוועקוואַרפן זיי זאָלן גאָדונאָוון,
זיי האָבן פירשטן אייגענע געווּג, —
איז זאָלן איינעם זיכ פאר קייסער וויילן.

וואָראָטינסקי.

ניט ווינציק יאָרשים דעם וואריאגס[1] מיר זײַנען,
נאָר ס'שווער אונדז מעסטן זיכ מיט גאָדונאָוון:
ס'איז אָפּגעוווינט דאָס פאָלק צו זען א אורצווײַג
אין אונדז פון זײַנע קריגערישע הערשער,
מיר האָבן לאנג פארלאָרן די אודיעלן[2]
און לאנג שוין האנטייִנגלעכ בא די קייסאָרים,
און ער, מיט שרעק, מיט ליבע און מיט רום
געקענט פארקישעפן האָט ער דאָס פאָלק.

שויסקי (קוקט אין פענצטער).

ער'ז דרייסט, דאָס גאָר, און מיר... נאָר ג'נוג, דו זעסט:
דאָס פאָלק, צעשאָטן, גייט צוריק — קום גיכער,
דערוויסן זיכ, צי עס איז שוין באשלאָסן.

## רויטער פלאַץ.

דאָס פאָלק.

איינער.

ניט צו דערבעטן! ער האָט די באָיארן,
די בישאָפן[3], דעם פאטריארכ פארטריבן.

1 וואריאג, ד. ה. רוריק. זע די פאָריקע אָנמערקונג.

2 די ערשטע רוסישע פירשטן פלעגן צעטיילן זייערע פירשטנטומס צווישן זייערע יאָרשים, אזוי פלעגן די פירשט־נאכלעס ווערן וואָס ווײַטער אלץ קלענער, די דאָזיקע קליינע נאכלעס האָבן געהייסן „אודיעלן“. מיט דער דערהייבונג פון מאָסקווע און דער פאראייניקונג פון רוסלאנד אין איין מעלוכע איז די ראָל פון די אודיעל־פירשטן געפאלן. באזונדער אכזאָריש האָט מיט זיי געקעמפט יאָאן דער גרויזאמער, ער האָט זיי פארפאָלגט און צוגענומען בא זיי די אודיעלן.

3 בישאָפן — העכערע גײַסטלעכע.

אומזיסט פאר אים געפאלנ צו דער ערד
זיי זײַנענ. ס'שרעקט אים אָפ דער גלאנצ פונ טראָנ.

צווייטער.

אָ, גאָט, ווער וועט געוועלטיקנ אפ אונדז?
אָ, וויי אונדז!

דריטער.

ווארט, אָט גייט דער אויבער־דיאק[1]
אונדז זאָגנ, וואָס די דומע[2] האָט באשלאָסנ.

דאָס פאָלק.

ווערט שטיל! ווערט שטיל! עס רעדט דער דומע־דיאק;
שש־הערט!

שטשעלקאלאָוו (פונ פאראַרנעם גאנעק).

אזוי איז אינ סאָבאָר באשלאָסנ:
די קראפט פונ בעטנ ס'לעצטע מאָל נאָכ פרווונ
מע זאָל אפ טיפ־באטריבט געמיט פונ הערשער.
דער פאטריארכ אלהייליקער זאָל מאָרגנ
א פײַערלעכע טפילע אָפהאלטנ,
אינ קרעמל, אונ מיט פאָנענ הייליקע
מיט דאָנער אונ וולאדימירער איקאָנעס
זאָל אופגיינ, מיט אים דער סינקליט[3], באָיארנ,
די מענגע אדל אונ געווײלטע לײַט,
אונ ס'גאנצע מאָסקווער פאָלק דאָס פראוואָסלאוונע.

1 דיאק — הויכער באאמטער, וואָס פירט אָנ מיט רעגירונג־קאָלעגיעס, וועלכע האָבנ געהייסנ פריקאזנ. דער אויבער־דיאק שטשעלקאלאָוו איז געווענ דער העכסטער באאמטער, דאָס זעלבע, אנערעכ, וואָס א מיניסטער.
2 דומע באָיארישע — א באראטונגס־אינסטיטוציע בא דעמ קייסער.
3 סינקליט — רעגירונג, די העכסטע ארמיניסטראציע.



אונ ווידער גיינ די קייסערינע בעטנ
אפ מאָסקווע דער פאריאָסעמטער ראכמאָנעס,
אונ זאָל זי אפ דער קרוינ באָריסנ בענטשנ.
טאָ גייט געזונט צו זיכ איצט אינ די הײַזער,
טוט טפילע, אונ צומ הימל זאָל דערגרייכנ
די הייסע טפילע פונ די פראוואָסלאוונע.
(דאָס פאָלק צעגייט זיכ).

## דיעוויטשער פעלד. נײַ־דיעוויטשער מאָנאסטיר.

דאָס פאָלק.

איינער.

מ'איז צו דער קייסערנ אוועק אינ קעליע,
ס'אהינ ארײַנ באָריס, דער פאטריארכ
מיט די באָיארנ.

צווייטער.

אונ וואָס הערט זיכ?

דריטער.

אלצ נאָכ
פאראקשנט איז ער; נאָר ס'איז דאָ א האָפנונג.

א פרוי (מיט א קינד).

אהו! ניט וויינ, ניט וויינ; אָט וועט א בער
דיכ צונעמענ! אהו! אהו!... ניט וויינ!

איינער.

מע קענ עפשער ארײַנ אינ מאָנאסטיר־הויפ?

צווייטער.

ווהינ! מע קענ ניט. ס'ענג אינ פעלד אפילע,
ניט נאָר אינ הויפ. א קלייניקײַט? גאנצ מאָסקווע

צוניפגעשפארט דאָ; זעסט: דער פארקנ, דעכער,
די אלע שטאָקנ פונעם גלאָקנ־טורעמ,
די קלויסטער־קופּאָלנ אונ אוש די צלאָמימ —
באזעצט מיט מענטשנ.

ע ר ש ט ע ר.

כ׳לעבנ, א פארג׳ניגנ!

א יי נ ע ר.

וואָס פאר א ראש דאָרט?

צ וו יי ט ע ר.

הער! וואָס פאר א ראש?
דאָס פאָלק האָט זיכ צעיאָמערט, פאלט ווי כוואליעס,
פאלט ריי נאָכ ריי... אָט נאָכ... אָט נאָכ... נו, ברודער,
דערגאנ צו אונדז שוינ: גיכער! אפ די קני!

ד אָ ס פ אָ ל ק (אפ די קני. א יאָמער, א געווייִנ).

אכ, האָב ראכמאָנעס! איבער אונדז געוועלטיק!
א פאָטער זײַ, א קייסער אונדזו!

א יי נ ע ר (שטיל).

וואָס ווייִנט מענ?

צ וו יי ט ע ר.

וואָס ווייסנ מיר? דאָס ווייסנ די באָיארנ,
ניט אונדזער גלײַכנ.



ד י פ ר ו י (מיטנ קינד).

נו זשע! ווענ מ׳דארפ וויינענ,
ווערט עס אנשוויגנ! איכ וועל דיר! א בער גייט!
וויינ, פעסטע דו!
(זיווארפט עס אינ דער ערד. דאָס קינד קוויטשעט).
אזוי!

א יי נ ע ר.

זעסט, אלע וויינענ.
קומ לאָמיר אויכ א וויינ טאָנ.

צ וו יי ט ע ר.

כ׳מאטער זיכ,
אונ קענ ניט, פרײַנט.

ע ר ש ט ע ר.

איכ אויכ. ניטאָ קיינ ציבל?
די אויגנ אָנרײַבנ.

צ וו יי ט ע ר.

ניינ, כ׳וועל מיט שפּײַעכצ
באשמירנ. וואָס ז׳שוינ ווידער דאָרט?

ע ר ש ט ע ר.

ווער ווייסט זיי?

ד אָ ס פ אָ ל ק.

די קרוינ ז׳פאר אימ! איז מאסקימ! ער איז קייסער!
באָריס איז קייסער! לעבנ זאָל באָריס!

## קרעמלישער פּאַלאַץ.

ב אָ ר י ס, ד ע ר פּ א ט ר יִ א ר כ, ד י ב אָ י א ר נ.

ב אָ ר י ס.

דו, פאָטער פּאַטריִארך, און איר, באָיאַרן,
אַנטפּלעקט איז הײַנט פאַר אַלע אײַך מײַן האַרץ:
איר האָט געזען, אַז איך נעם אָן די מאַכט
די גרויסע מיט האַכנאָע און מיט פּאַכעד.
ווי שווער עס איז די פליכט, וואָס ליגט אַף מיר!
איך יאַרשן איצט די מעכטיקע יאָאַנען [1] —
איך יאַרשן אויך דעם מאַלעך, אונדזער קייסער! [2]
אָ, צאַדיק, אָ, דו, פאָטער מאַלכעסדיקער!
פון הימל אַף די טרערן בליק אַראָפּ
פון דײַנע טרײַע קנעכט און שיק אַראָפּ
דעם, וועמען דו האָסט ליב געהאַט און וועמען
דו האָסט דאָ אַזוי וווּנדערלעך דערהויבן,
דײַן בענטשונג הייליקע אַף דער מעמשאָלע:
אַז אָנפירן זאָל איך מיט רום מײַן פאָלק,
אַז זײַן כ'זאָל גנעדיק און גערעכט, ווי דו.
פון אײַך דערוואַרט איך מיטהילף זיך, באָיאַרן,
דינט מיר אַזוי, ווי איר האָט אים געדינט,
ווען איך האָב אײַער מי מיט אײַך געטיילט,
פון פאָלקס־ווילן נאָך ניט קיין אויסדערווײלטער.

ב אָ י א ר נ.

מיר וועלן אונדזער שוווע ניט פאַראַטן.

1 ד י מ ע כ ט י ק ע י אָ א נ ע נ — יאָאַן דער דריטער (1462—1505) און יאָאַן דער פערטער דער גרויזאַמער (1533—1584) זיי האָבן ביידע פאַרפעסטיקט די זעלבסטהערשערישע מאַכט אין קאַמף קעגן דער פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע.

2 דאָס מיינט ער פיאָדאָרן, זײַן פאָרגייער, אַפן טראָן, וואָס איז געווען שטאַרק פרום און פסיכיש שוואַכזיניק.



ב אָ ר י ס.

איצט לאָמיר גיין זיך בוקן צו די קוואָרים
פון רוסלאַנדס הערשער די פאַרשטאָרבענע,
און נאָכדעם אַף אַ סודע ס'גאַנצע פאָלק
צונויפרופן פון האַר ביז בלינדן בעטלער;
פאַר אַלעמען אַ פרײַען דאָ אַרײַנגאַנג,
עס זײַנען אַלע געסט דאָ טײַערע.

(גייט אַוועק, נאָך אים די באָיאַרן).

ו ו אָ ר אָ ט י נ ס ק י (שטעלט אָפּ שויסקין).
דו האָסט געטראָפן.

ש ו י ס ק י.

וואָס?

ו ו אָ ר אָ ט י נ ס ק י.

אָט דאָ, אַנומלט,
געדענקסט?

ש ו י ס ק י.

ניין, גאָרניט, איך געדענק ניט גאָרניט.

ו ו אָ ר אָ ט י נ ס ק י.

ווען ס'פאָלק געגאַן איז פון דיעוויטשער פעלד,
דו האָסט געזאָגט...

ש ו י ס ק י.

ס'איצט ניט קיין צײַט דערמאָנען,
איך אייצע צײַטנווײַז אויך צו פאַרגעסן.
און ווײַטער, מיט געמאַכטער לאָשנ־האָרע

געוואָלט כ'האָב נאָר דיך אויספרווון און דיינע
פארבאָרגענע מאכשאָוועס זיך דערוויסן.
נאָר אָט—דאָס פאָלק באגריסט שוין דאָרט דעם קייסער —
מע קען מיין אָפוועזן באמערקן דאָרט —
איך גיי אוועק נאָך אים.

ו אָ ר אָ ט י נ ס ק י.

אָ, פאלשער הויף־האר!

## נאכט. א קעליע אין טשודאָווער מאָנאסטיר.

(1603 יאָר).

פ אָ ט ע ר פ י מ ע ן. ג ר י ג אָ ר י שלאָפט.

פ י מ ע ן (שרייבט פאר א לאמפאדע).

נאָך איינע נאָר, די לעצטע שוין געשיכטע —
און ס'איז די כראָניקע [1] פארענדיקט מיינע.
ס'דערפילט די פליכט, וואָס איז פון גאָט פארזאָגט
מיר, זינדיקן. ס'האָט ניט אומזיסט מיך גאָט
געשטעלט פאר איידעס פון אזויפיל יאָרן,
און מיר אין קונסט פון שריפט פארשטאנד געגעבן;
א פלייסיקער מאָנאך אמאָל געפינענ
וועט מיינ געטריינע נאָמענלאָזע ארבעט,
וועט זיין לאמפאדע אָנצינדן, ווי איך —
דעם אלטן שטויב פון כארטיע [2] אָפטרייסלען,
די וואָרהאפטיקע מייסעס איבערשרייבן,
די אייניקלעך פון פראוואָסלאוונע זאָלן
פון אייגן לאנד ס'אמאָליק לעבן וויסן,

[1] כ ר אָ נ י ק ע — „ליעטאָפיס" אף רוסיש. שריפטן וועגן היסטאָרישע געשעענישן. זיי פלעגן געפירט ווערן דערהויפט פון מאָנאכן, כראָניקע־שרייבער („ליעטאָפיסצעס").

[2] כ א ר ט י ע — אלטע שריפט.



דערמאָנענ זייערע קייסאָרים גרויסע
פאר זייער מי, פאר רום, פאר זייער גוטס —
און פאר די זינד, פאר מייסים פינצטערע
זיי זאָלן טפילע טאָן צו דעם דערלייזער.
איצט אף דער עלטער ווידעראמאָל לעב איך,
עס גייט דורך דאָס פארגאנגענע פאר מיר —
ווי לאנג דען האָט עס, פול געשעענישן,
געטראָגן זיך, צעכוואליעט ווי דער יאם?
און איצט איז עס שטילשווייגנדיק און רויק.
ניט פיל געזיכטער האָב איך פארגעדענקט,
און ניט פיל ווערטער קומען אָן צו מיר,
דאָס איבעריקס פארפאלן איז אף אייביק...
נאָר ס'נאָענט דער טאָג, עס גייט אויס די לאמפאדע...
נאָך איינע נאָר, די לעצטע שוין געשיכטע (שרייבט).

ג ר י ג אָ ר י (אופכאפנדיק זיך).

דער זעלבער כאָלעם! ס'מעגלעך? ס'דריטע מאָל!
פארשאָלטנער כאָלעם!.. און נאָך אלץ דער אלטער
בא דער לאמפאדע זיצט און שרייבט — אפאָנעם,
א גאנצע נאכט ניט צוגעמאכט קיין אויג.
ווי איך האָב ליב זיין רויקע געשטאלט,
ווען, אין פארגאנגענהייט מיט גייסט פארזונקען,
זיין כראָניקע ער פירט, און אזוי אָפט
געוואָלט האָט זיך מיר טרעפן, וואָס ער שרייבט.
צי פון דער פינצט'רער טאָטערישער הערשאפט? [1]
פון קעפונגען אכזאָרישע יאָאנס? [2]

[1] די צייט, ווען די טאָטערן האָבן געהערשט איבער רוסלאנד (XIII—XIV י. ה.).

[2] יאָאן דער גרויזאמער, וואָס איז בארימט געווען מיט זיין אכזאָריש־קייט.

פונ נאָוואָגראָדער שטורעמדיקער וועטשע?[1]
צי פונ דעמ רומ פונ פּאָטערלאַנד? אומזיסט:
ניט אינ די בליקנ, ניט אפ הויכנ שטערנ
מ'קענ די פארבאָרגענע מאכשאָווע̇ס זײַנע
ניט איבערלייענענ; דער זעלבער אויסזענ,
ווי שטענדיק, מײַעסטעטיש אונ באשיידנ,
אָט פונקט אזוי א דיאק, וואָס איז געעלטערט
אונ גרוי געוואָרנ אינ קאָלעגיעס,
קוקט רויִק אפ גערעכטע, אומגערעכטע,
אונ גוטס אונ שלעכטס פארנעמט ער גלײַכגילטיק,
אונ ווייסט ניט ניט ראכמאָנעס, ניט קיינ צאָרנ.

פ י מ ע נ.

פונ שלאָפ זיכ אופגעכאפּט ש

ג ר י ג אָ ר י.

בענטש מיכ,

אָ, פאָטער ווירדיקער.

פ י מ ע נ.

זאָל גאָט אינ הימל
דיכ בענטשנ הײַנט אונ אלעמאָל אונ אייביק.

ג ר י ג אָ ר י.

האָסט אלצ געשריבנ, ניט געוווּסט קיינ שלאָפ,
אונ מיר עס האָט מײַנ רו א בייזער כאָלעמ
געשטערט, עס האָט דער סאָטנ מיכ געפּלאָנטערט.
געכאָלעמט האָט זיכ מיר: א הויכע טרעפּ
געפירט האָט מיכ אפ טורעמ; פונ דער הויכ

[1] וו ע ט ש ע — פאָלקס־פארזאמלונג. אינ נאָוואָגראָד, ווו ס'איז געווענ א רע־פּובליקאנישע אָרדענונג, איז די העכסטע מאכט געווענ די „וועטשע“.



כ'זע מאָסקעווע, ווי מורעשקעס א הויפנ;
דאָס פאָלק האָט אונטנ אפנ פּלאצ געברויזט
אונ האָט אפ מיר געוויזנ מיט געלעכטער;
ס'א כארפּע מיר געוואָרנ אונ א פּאכעד —
אונ, פאלנדיק אראָפּ, כ'האָב אופגעכאפּט זיכ...
דרײַ מאָל האָט מיר דאָס זעלבע זיכ געכאָלעמט.
ניט מאָדנע דענ?

פ י מ ע נ.

דאָס שפּילט דײַנ יונגע בלוט!
טו טשווּע מיט א טאָנעס אונ מיט טפילע,
אונ ס'וועט דײַנ כאָלעמ זײַנ מיט זעונגענ
מיט גרינגע פול. נאָכ ביז אצינד, אז ס'מאכט זיכ,
פונ אומגערנדיקנ דרימל אָפּגעשוואכט,
איכ לייענ ניט אפ נאכט קיינ לאנגע טפילע —
ניט שטיל אונ זינדיק איז מײַנ אלטער שלאָפ;
מיר דאכט זיכ טומלדיקע מאָלצײַטנ,
א קריגס־לאגער, צי א מילכאָמע־שלאכט,
די אומזיניקע פריידנ פונ דער יוגנט.

ג ר י ג אָ ר י.

ווי פריילעכ האָסט פארבראכט די יוגנט דײַנע!
געשטריטנ אונטער טורעמס פונ קאזאנ,
פאר שויסקינ ס'ליטוויש כײַעל אָפּגעשלאָגנ,
געזענ דעמ הויפ אונ לוקסוס פונ יאָאנענ!
אָ, גליקלעכער! אונ איכ — פונ יונגע יאָרנ
זיכ אומגעשלעפּט אינ קעליעס א מאָנאכ!
פארוואָס זאָל איכ די פרייר פונ שלאכט ניט וויסנ,
ניט טרינקענ אפ דעמ קייזערלעכנ מאָלצײַט?
איכ וואָלט, ווי דו, באוויזנ אפ דער עלטער

זיך אָפּטאָן פון דער וועלט, פון וועלט־האוואָלים
און דעם מאָנאכן־ניידער אפ זיך נעמען,
זיך אָפּשיידן אין שטילן מאָנאסטיר.

פימען.

ניט האָב קיין צאר, וואָס פרי פארלאָזט האָסט, ברודער,
די זינדיקע וועלט, און וואָס ניסיוינעס ווינציק
געשיקט האָט דיר דער אייבערשטער. גלייב מיר:
עס ציט אונדז פונדערווײַטנס רום און לוקסוס
און פאלשע ליבע פון די פרויען. כ'האָב לאנג
געלעבט און פארגעניגנס פיל גענאָסן;
נאָר בלויז פון יענער צײַט איך פיל זיך גליקלעך,
זינט גאָט האָט מיך אין מאָנאסטיר געבראכט.
דערמאן זיך, זון, אין די קייסאָרים גרויסע:
ווער ז'העכער זיי? נאָר גאָט אליין. ווער וואגט
דערווידערן זיי? קיינער ניט. און זעסט?
די גאָלדנע קרוין איז אָפּט זיי שווער געוואָרן:
זי אפ מאָנאכן־הוט האָבן פארביטן.
יאָאן געזוכט האָט א בארויקונג
אין ענלעכעס צו מי מאָנאכישער.
זײַן פאלאץ, פול מיט שטאָלצע ליבלינגען,
פון מאָנאסטיר דעם אויסזען האָט באקומען:
אָפּריטשניקעס [1] אין האָר־העמדער, אין ספּאָדקעס
געווען, ווי די געהאָרכזאמע מאָנאכן,
און א איהומען א גאָטספאָרכטיקער
געווען דער קייסער איז דער גרויזאמער.
כ'האָב דאָ געזען — אָט אין דער זעלבער קעליע

1 אָפּריטשניקעס — מיטגלידער פון אָפּריטשינע, א באזונדערע מיליטע־רישע אָרגאניזאציע פאר יאָאן דעם גרויזאמען, וואָס האָט געטראָגן די פּערזענ־לעכע וואך פונעם קייסער און געקעמפט מיט זײַנע סאָנים. אפ זייערע מיליטערישע קליידער האָבן זיי געטראָגן מאָנאכן־קליידער.



(געוווינט דאָ האָט קיריל דער פילגעפאָלגטער,
א מאן א הייליקער. ס'האָט גאָט מיך דאן שוין
געלײַטזעליקט די נישטיקײַט פארשטיין
פון וועלטלעכע האוואָלים), דאָ געזען
האָב איך דעם קייסער מיד פון קעפּונגען
און פון מאכשאָוועס בייזע. ס'שטיל פארטראכט
געזעסן צווישן אונדז דער גרויזאמער.
מיר זײַנען אומבאוועגט פאר אים געשטאנען,
און ער האָט שטיל מיט אונדז געפירט א שמועס.
געזאָגט צו אלע ברידער, צום איהומען:
„געגארטער טאָג וועט קומען, פאָטערס מײַנע,
„און איך וועל דאָ זײַן, לעכצנדיק נאָך רעטונג.
„דו ניקאָדים, דו סערגי, דו קיריל,
„איר אלע — נעמט מײַן ניידער אָן מײַן פרומען:
„איך, זינדיקער, פארשאָלטענער, וועל קומען,
„צו דײַנע פיס כ'וועל צופאלן דאָ, פאָטער,
„און וועל די הייליקע סכימע [1] אפ זיך נעמען".
אזוי גערעדט האָט גרויסמעכטיקער הערשער,
און זיס איז פון זײַן מויל די רייד געפלאָסן —
און ער'ט געוויינט. און מיר צו גאָט געבעטן
מיט טרערן, ער זאָל פריד און ליבע שיקן
זײַן זעל דער לײַדנדער און שטורמישער.
און זון זײַנער פיעאָדאָר? אפן טראָן
האָט ער נאָך פרידלעך לעבן פון א שווײַגער [2]
געבענקט. ער האָט די קייסערשע פאלאצן
פארוואנדלט אין א קעליע פון געבעט;
דאָרט האָבן מלוכישע און שווערע זאָרגן
זײַן הייליקע נעשאָמע ניט באטריבט.

1 סכימע — מאָנאכן־צושטאנד. נעמען אפ זיך די סכימע — ווערן א מאָנאך.
2 שווײַגער — א מאָנאך, וואָס פילט אויס א ניידער פון שווײַגן.

און גאָט האָט ליב געפונען זײַן האכנאָע.
און רוסלאנד איז פאר אים געטרייסט געוואָרן
אין אומגעשטערטן רום. און בא זײַן פטירע [1]
געשען איז אַן אומגעהערטער נעס:
ס'צו זײַן געלעגער, אָנזיכטיק פאר אים נאָר,
א מאן דערשינען אומגעווײנלעך ליכטיק,
ס'האָט אָנגעפאנגען פיאָדאָר מיט אים רעדן,
אים אָנגערופן גרויסער פאטריארך,
און אָנגעכאפט האָט אַלעמען א פאכעד,
ווען מ'האָט די זעונג הימלישע פארשטאנען,
דערום ווײַל ס'איז אין אלקער פארן קייסער
דער בישאָף הייליקער דאן ניט געווען.
און ווען ער איז ניסטאלעק ג'וואָרן [2], האָט
מיט ווילגערוך זיך אָנגעפילט דער פאלאץ,
און ס'האָט זײַן צורע, ווי די זון, צעשײַנט זיך —
מיר וועלן שוין ניט האָבן אזא קייסער.
אָ, שרעקלעכער, אָ, ניט געהערטער אומגליק!
מיר האָבן גאָט דערצארנט, זיך פארזינדיקט;
מיר האָבן פאר א הערשער אופגענומען
א קעניגמערדער.

## גריגאָרי.

פאָטער ווירדיקער,
שוין לאנג געוואָלט דיך פרעגן וועגן טויט
פון פרינץ דימיטרי; ביסט אין יענער צײַט
געווען, זאָגט מען, אין אוגליטש.

---

1 בא פטירע — באם שטארבן.
2 ניסטאלעק געוואָרן — געשטאָרבן.



## פימען.

אוי, כ'געדענק!
באשערט האָט גאָט מיר זען דעם בייזן טאט,
דעם בלוטיקן פארברעך. אין ווײַטן אוגליטש
געשיקט געווען כ'בין עפעס אין א שליכעס,
באנאכט געקומען. אינדערפרי איך הער
א קלינגען פלוצלינג, מ'הייבט אָן קלינגען נאגוואלד,
א ראש, מע שרײַט. צו קיניגן אין הויף
מע לויפט. כ'לויף אויך — שוין דאָרט די גאנצע שטאָט.
איך זע: ס'ליגט א געקוילעטער דער פרינץ;
די מאלקע — אין כאלאָשעס איבער אים.
די אם פארצווייפלט קלאָגט, און דאָ דאָס פאָלק,
צעווילדעוועט פון צאָרן, די מארשאס —
די ניאניע — די פארעטערן שוין שלעפט...
און פלוצלינג בייז, און פון רעציכע בלאס,
באווײַזט זיך דער פארעטער ביטיאגאָווסקי.
„אָט, אָט איז דער רוציייעך!" — ווערט א גוואלד,
און ער איז באלד ניט ג'וואָרן. זיך געלאָזט האָט
דאָס פאָלק נאָך די אנטלאָפענע דרײַ מערדערס;
די ראָצכים די באהאלטענע געכאפט,
צום גוף צום ווארעמען פון קינד געבראכט,
א נעס — א צאפל האָט געטאָן זיך פלוצלינג
דער מעס. און ס'שרײַט דאָס פאָלק זיי: „זײַט זיך מוידע!".
אין שרעק, אונטער דער האק האָבן די ראָצכים
זיך מוידע ג'ווען — באָריסן אָנגערופן.

## גריגאָרי.

ווי אלט איז ער געווען דער פרינץ דער האָרוג? [1]

---

1 האָרוג — דערמאָרדעטער.

פ י מ ע נ.

א זיבן יאָר; עס וואָלט אים איצט געווען —
(שוין א יאָר צען אין דעם... ניין, מער: שוין צוועלף) —
ער וואָלט געווען מיט דיר אין איינע יאָרן,
געקעניגט וואָלט; נאָר גאָט באשערט האָט אנדערש.
מיט דער דערציילונג טרויעריקער כ׳ענדיק
מײַן כראָניקע; פון דענסטמאָל האָב איך ווייניק
זיך אָפּגעגעבן וועלטישע איניאָנים.
כ׳גיב דיר, ברודער גריגאָרי, — דײַן פארשטאנד
האָסטו מיט קענטענישן אופגעקלערט, —
כ׳גיב דיר מײַן ארבעט איבער. אין די שאָען,
אין פרײַע פון אווידע געטלעכער,
פארשרײַב אָן איבעריקע כאָכמעס אלץ,
פון וואָס דו וועסט אין לעבן זײַן אן איידעס:
מילכאָמע, שאָלעם, הערשאפט פון מעלאָכים
און פון צאדיקים מאָפּסים הייליקע,
נעוויִעס און סימאָנים הימלישע, —
און מיר איז צײַט, שוין צײַט זיך אָפּצורוען,
פארלעשן די לאמפּאדע... נאָר מע קלינגט
צו מאָרגן־טפילע... בענטש די קנעכט דײַנע,
אָ, גאָט!.. דערלאנג דעם שטעקן מיר, גריגאָרי.
(ער גייט אוועק).

ג ר י ג אָ ר י.

באָריס, באָריס! עס ציטערט אלץ פאר דיר,
און קיינער ניט דערוועגט זיך דיר דערמאנען
דעם גורל פונעם אומגליקלעכן קינד, —
נאָר דאָ, א נאָזיר אין א פינצט׳רער קעליע
א שרעקלעכע מעסירע אפּ דיר שרײַבט:



ניט אויסמײַדן וועסט מישפּעט מענטשלעכן,
ווי דו׳סט ניט אויסמײַדן פון גאָט דעם מישפּעט.

## דעם פּאטריִארכס פּאלאץ.

דער פּ א ט ר י ִ א ר כ, דער א י ה ו מ ע נ פון טשודאָווער מאָנאסטיר.

פּ א ט ר ִ י א ר כ.

און ער איז אנטלאָפן, פאָטער איהומען?

א י ה ו מ ע נ.

אנטלאָפן, בישאָפ הייליקער, שוין הײַנט דער דריטער טאָג.

פּ א ט ר י ִ א ר כ.

אָט א שאָלטיק א פארפלוכטער! פון וועמען שטאמט ער?

א י ה ו מ ע נ.

פון די אָטרעפּיעווס, פון גאליצקער באָיארישע קינדער. אין דער יוגנט איז ער אוועק פאר א מאָנאך, ניט באוווסט ווו, האָט געוווינט אין סוזדאל, אין יעפימיעווער מאָנאסטיר, איז אוועק פון דאָרט, האָט זיך אומגעשלעפּט אין פארשיידענע מאָנאסטירן, און ענדלעך איז ער געקומען צו מײַן טשודאָווער ברודערשאפט; און איך, זעענדיק, אז ער איז נאָך יונג און ניט פארשטענדיק, האָב איך אים אָפּגעגעבן אונטער דער האשגאָכע פון פאָטער פימען, א זאָקן א בענימעסדיקן און אן אָנעוו. און געווען איז ער זייער שריפטקענעוודיק; געלייענט אונדזערע כראָניקעס, פארפאסט קאַ־נאָנען[1] הייליקע; נאָר, אפאָנעם, אז די שריפטקענעוודיקײַט איז צו אים געקומען ניט פון גאָט דעם האר...

1 ק א נ אָ נ — אזא לויב־טפילע לעקאָווער א וועלכן ס׳ניט איז הייליקן אָדער לעקאָווער א יאָנטעוו.

פ א ט ר יִ א ר כ.

וואָס קען שוין גוט זייַן פון אָט די קענער? וואָס נאָך האָט ער אויסגעטראכט! איך וועל זייַן א קייסער. איבער מאָסקווע. אכ! אָט אזא קיילע א טייַוולשע! פונדעסטוועגן דארף מען דעם קייסער ניט מיטיילן וועגן דעם. צוליב וואָס באומרויִקן דעם פאָטער־קייסער? געווג וועט זייַן צו מעלדן וועגן זייַן אַנטלויפן דעם דיאק סמירנאָוון, אָדער דעם דיאק יעפימיעוון; אָט אזא אפיקאָרסעס! איך וועל זייַן א קייסער איבער מאָסקווע!.. כאפן, כאפן אָט דעם טייַוולפרייַנט, און פאַר־שיקן אים אין סאָלאָוועצקער מאָנאסטיר אף אייביקער טשוווע. ס'איז דאָך אן אפיקאָרסעס, פאָטער איהומען.

א י ה ו מ ע ן.

אן אפיקאָרסעס, הייליקער בישאָף, אן עמעסע אפיקאָרסעס.

## קייסערלעכער פאלאץ.

צווייַ טיש־אופזעער.

ע ר ש ט ע ר.

ווו איז דער קייסער?

צ ו ו י י ט ע ר.

אין זייַן שלאָפצימער.
פארשפארט זיך עפּעס מיט א קישעפמאכער.

ע ר ש ט ע ר.

אזוי, דאָס איז זייַן צייַטפארטרייַב באליבטער:
מיט קישעפמאכערס, טרעפערס און מאכשייפעס.



אונ נאָר ער קישעפט, ווי א קאלע־מיידל.
כ'וואָלט וועלן וויסן, וועגן וואָס ער טרעפט?

צ ו ו י י ט ע ר.

אָט גייט ער, ווילסט ניט פרעגן?

ע ר ש ט ע ר.

זע, ווי פינצטער
ער איז!

(גייען אוועק).

ק י י ס ע ר (גייט אריַין).

איך האָב דערגרייכט די העכסטע מאכט;
דאָס זעקסטע יאָר שוין, אז איך קיניג רויִק.
נאָר ס'ווייסט מייַן הארץ ניט פון קיין גליק. אזוי
פארליבן מיר זיך יונגווייַז און מיר גלוסטן
די ליבע־פריידן, נאָר וויבאלד מיר שטילן
דעם הארץ־הונגער מיט איין מינוט־דערגרייכונג,
שוין אָפגעקילט, איז לאנגווייַליק אונדז, נימעס.
אומזיסט האָט צוגעזאָגט דער קישעפמאכער
מיר לאנגע יאָרן פון בארוטער מאכט —
עס פרייט מיך ניט די מאכט, דאָס לעבן; כ'האָב
א פאָרגעפיל פון אומגליק, פון א דונער;
ניטאָ קיין גליק פאר מיר; געוואָלט מייַן פאָלק
בארויִקן אין שעפע און אין רום,
דעראָבערן זייַן ליבע מיט כאסאָדים,
נאָר אָפגעלייגט כ'האָב די אומזיסטע דייַגעס:
ס'איז לעבעדיקע מאכט בא דעם האמוין
פארהאסט, זיי קענען ליב האָבן נאָר מייסים —

מיר זײַנען נאריש, ווען פון פאָלק דאָס פלעסקען,
צי ס'ווילד געשריי זײַנס, רירט בא אונדז דאָס הארץ!
ס'האָט גאָט א הונגער אָנגעשיקט אף אונדז,
דאָס פאָלק געיאָמערט האָט אינ אומקום־אנגסטנ;
געעפנט כ'האָב די שפּײַכלערס זיי אונ גאָלד
פאר זיי צעשאָטנ, ארבעט זיי געפונענ:
אונ זיי, צעיושעט, האָבנ מיכ פארשאָלטנ!
א בראנד האָט שטיבער זייערע פארטיליקט,
איכ האָב זיי נײַע הײַזער אויסגעבויט:
אונ זיי האָבנ מיר די סרייפע פירגעוואָרפנ!
אזא איז דער האמוינ: גיי זוכ זײַנ ליבע.
געמיינט כ'האָב נאכעס זענ אינ מײַנ מישפּאָכע,
די טאָכטער אויסגעבנ, זי גליקלעכ מאכנ —
כאפּט אויס דער טויט דעמ כאָסנ, ווי א שטורעמ...
אונ ווידער בייזע צינגער מאכנ שולדיק
פאר דעמ, וואָס אנ אלמאָנע איז געבליבנ
מײַנ טאָכטער,— מיכ, מיכ, אומגליקלעכנ פאָטער!..
ווער ס'זאָל ניט שטארבנ, אלעמענס בינ איכ
דער מערדער דער באהאלטענער; ס'האָב איכ
פארגיכערט פיאָדאָרס טויט, ס'האָב איכ געסאמט
די קעניגנ — מײַנ שוועסטער די מאָנאשקע...
אלצ איכ! אָ! ס'קענ אונדז ניט קיינ זאכ, איכ פיל,
בארויקנ אינ דײַגעס וועלטלעכע;
קיינ זאכ, קיינ זאכ... נאָר סײַדנ דער געוויסנ.
איז א געזונטער, וועט ער בײַקומענ
אי סינע, אי בילבולימ פינצטערע...
נאָר אויב אנ איינציקער בלויז פלעק אף אימ,
אנ איינציקער זיכ צופעליק פארנאדעט,
ז'יז דאנ — אנ אומגליק! ווי אינ א מאגייפע,
פארברענט די זעל וועט ווערנ, אָנגיסנ זיכ



וועט ס'הארצ מיט גיפט, אונ אינ די אויערנ,
ווי מיט א האמער, שטענדיק קלאפּט דער פאָרוואורף,
אונ ס'איבלט אלצ, אונ ס'דרייט זיכ דיר דער קאָפּ,
אונ אינ די אויגנ קינדער בלוטיקע...
וואָלסט וועלנ לויפנ, נאָר ניטאָ וווהינ...
ס'איז שרעקלעכ! יאָ, ווי קלאָגעדיק איז דער,
וואָס דער געוויסנ זײַנער איז ניט ריינ.

## א קרעטשמע אפ דער ליטווישער גרענעצ.

מ י ס א י ל אונ וו א ר ל א א מ, ארומשלעפערס־מאָנאכנ; ג ר י ג אָ ר י אָ ט ר ע־פ י ע ו, וועלטלעכ אָנגעטאָנ; ד י ב א ל ע ב אָ ס ט ע.

ב א ל ע ב אָ ס ט ע.

מיט וואָס זאָל איכ אײַכ אזוינס מעכאבעד זײַנ, זקיינימ ווירדיקע?

וו א ר ל א א מ.

מיט וואָס גאָט וועט געבנ, באלעבאָסטינקע. עפשער איז דאָ ווײַנ?

ב א ל ע ב אָ ס ט ע.

וואָס הייסט ניטאָ, פאָטערלעכ מײַנע! כ'וועל באלד ארויס־טראָגנ.

(זי גייט אוועק).

מ י ס א י ל.

וואָס זשע האָסטו זיכ אזוי פארזאָרגט, כאווער? אָט איז שוינ די ליטווישע גרענעצ; צו וועלכער דו האָסט אזוי געוואָלט זיכ דערקלײַבנ.

גריגאָרי.

קאָלזמאנ כ׳וועל ניט זײַנ אינ ליטע, וועל איכ ביז דעמלט ניט רויִק זײַנ.

וואָרלאאם.

וואָס איז דיר אזוי ליטע געפעלנ געוואָרנ? אָט מיר, דער פאָטער מיסאיִל אונ איכ זינדיקער, אזויווי מיר זײַנעג אנטלאָפנ פונ מאָנאסטיר, אזוי טראכטנ מיר שוינ פונ גאָרנישט ניט: ליטע, רוסלאנד, א פײַפל צי א דודקע,— אונדז איז אלציינס, אבי ווײַנ זאָל נאָר זײַנ... זעט, אָט טראָגט מענ אימ טאקע ארײַנ.

מיסאיִל.

ס׳גראמט זיכ בא דיר, פאָטער וואָרלאאם.

די באלעבאָסטע (גייט ארײַנ).

נאט אײַכ, פאָטערס מײַנע, טרינקט געזונט.

מיסאיִל.

א דאנק, טײַערינקע, בענטש דיכ גאָט.

די מאָנאכנ זינגענ, וואָרלאאם הייבט אָנ זינגענ די ליד:

„אינ דער שטאָט געוועננ איז אינ קאזאנ"....

וואָרלאאם (צו גריגאָריִענ).

פארוואָס זינגסטו ניט אונ פארוואָס טרינקסטו ניט?

גריגאָרי.

איכ וויל ניט.

מיסאיִל.

איז ניט גענויט...



וואָרלאאם.

אונ בא א שיקער איז ווײַנ דער איקער. פאָטער מיסאיִל, לאָמיר נעמענ צו קליינינקע פאר אונדזער שענקערנ דער שיי־נינקער...

אָבער, פאָטער מיסאיִל, ווענ איכ טרינק מיט גוטע פרײַנט, האָב איכ ניכטערע פײַנט. אנ אנדער זאכ איז ארײַנקערנ א פולע גלאָז, אונ אנ אנדערע האָבנ פליי אינ נאָז. ווילסטו לעבנ אזוי, ווי מיר, איז ביטע שיינ, אויב ניט — איז גיי פונדאנענ, טראָג זיכ אָפּ: א לעצ מיט א גאלעכ זײַנענ קיינ פאָר ניט.

גריגאָרי.

טרינק פונ דער פולער האנט, נאָר האָב פארשטאנד, פאָטער וואָרלאאם. זעסט, איכ קענ אויכ אמאָל רעדנ צומ גראם.

וואָרלאאם.

וועגנ וואָס דארפ איכ עס אזוי האָבנ פארשטאנד?

מיסאיִל.

לאָז אימ צורו, פאָטער וואָרלאאם.

וואָרלאאם.

וואָדענ, וואָס איז ער פאר א פאסטער? אליינ זיכ אָנגע־בונדנ צו אונדז פאר א כאווער, מע ווייסט ניט ווענ, מע ווייסט ניט פונוואנענ, אונ ער מאכט זיכ נאָכ גרויס...

(טרינקט אונ זינגט).

„א יונגער מאָנאכ איז אינ מאָנאסטיר אוועק".

גריגאָרי (צו דער באלעבאָסטע).

וווּהינ פירט אָט דער וועג?

באלעבאָסטע.

אינ ליטע, מײַנ פרײַנט, צו די לויעווער בערג.

ג ר י ג אָ ר י.

און ס'איז ווײַט צו די לױיעװער בערג?

ב א ל ע ב אָ ס ט ע.

ניט ווײַט, צו אָוונט־צו קען מען אָנקומען אהין, ווען ניט די קייסערשע פעלדוואכ און די וואכ־פריסטאוועס.

ג ר י ג אָ ר י.

וואָס פאר א פעלדוואכ! וואָס הייסט עס?

ב א ל ע ב אָ ס ט ע.

עמעצער איז אנטלאָפן פון מאָסקווע, איז באפוילן אלעמען פארהאלטן און באקוקן.

ג ר י ג אָ ר י (פאר זיכ).

אָט האָסטו דיר א נײַס.

װ א ר ל א א ם.

היי, כאווער! האָסט זיכ גאָר צוגעשארט צו דער באלעבאָסטע. אפּאָנעם, אז דו דארפסט ניט קיין בראָנפן א טרונק, דו דארפסט א ווײַבעלע א יונגס. רעכט, ברודערל, רעכט! יעדערער האָט זיכ זײַן גאנג. און בא מיר מיטן פאָטער מיסאיל איז איין דײַגע נאָר: מיר טרינקען ביזן דנאָ, און אז מיר טרינקען אויס, קערן מיר איבער אף צוריק, און מיר טוען אין דנאָ א פּיק.

מ י ס א י ל.

פײַן געזאָגט, פאָטער ווארלאאם.

ג ר י ג אָ ר י.

אָבער וועמען דאחפן זיי עס? ווער איז אנטלאָפן פון מאָסקווע?

ב א ל ע ב אָ ס ט ע.

ווער קען דאָס וויסן, א גאנעוו, צי א גאזלען — נאָר קיין גוטע מענטשן קענען דאָ אויכ איצט ניט דורכגיין. און וואָס וועט



זײַן דערפון? גאָרנישט. וואָס פאר א שווארץ יאָר וועלן זיי דאָ כאפּן? אזויווי ס'איז גאָר קיין אנדער וועג ניטאָ אין דער ליטע, אויסער דעם גרויסן שליאכ! אָט נעם דאָ פונדאנען פארקערעווע אף רעכטס, דערנאָכ מיטן וואלד גיי זיכ מיט דער סטעזשקע ביז דער־קאפליצע, וואָס אף טשעקאנסקער טײַכל, און פונדאנען גלײַכ איבער דעם זומפּ אף כלאָפּקינאָ, און פון דאָרט אף זאכאריעוואָ, און דאָ וועט שוין יעדער ייִנגל דיכ צופירן צו די לױיעװער בערג. דאָס איינציקע, וואָס מ'האָט פון זיי, פון אָטאָ די פריסטאוועס, איז וואָס זיי טוען צאָרעס די דורכגייער און זיי באנעמען אונדז, אָרעמע מענטשן. (ס'הערט זיכ א ראש). וואָס איז דאָרט ווידער? אכ, אָט זײַנען זיי, די פארשאָלטענע! גייען שוין פאטרולירן.

ג ר י ג אָ ר י.

באלעבאָסטע, האָסט ניט אין שטוב קיין אנדער ווינקל?

ב א ל ע ב אָ ס ט ע.

ניין, טײַערינקער, כ'וואָלט אליין א באלן געווען זיכ באהאלטן. ס'רעדט זיכ נאָר אזוי, אז זיי פאטרולירן, אינדערעמעסן דערלאנג זיי ווײַן, און ברויט, און ווער ווייסט נאָכ וואָס — אז פּייגערן זאָלן זיי, פארשאָלטענע, אז ס'זאָל זיי....

(עס גייען ארײַן די פ ר י ס ט א װ ע ס).

פ ר י ס ט א װ.

א גוטער, באלעבאָסטע.

ב א ל ע ב אָ ס ט ע.

א גוטן אײַכ, טײַערע געסט, קומט ארײַן, איכ בעט אײַכ.

א י י ן פ ר י ס ט א װ (צום צווייטן).

טע! מע טרינקט דאָ גאָר; מע וועט קענען אָפּלעקן אביינדל. (צו די מאָנאכן) וואָס זײַנט איר פארא מענטשן?

וואַרלאַאַם.

מיר זײַנען גאָטס זקיינים, מאָנאַכנ שטילע, מיר גייען אַרום איבער ייִשוּוים און קלײַבן נעדאָוועס קריסטלעכע אַפּ אַ מאָ־נאַסטיר.

פּריסטאַוו (צו גריגאָריען).

און דו?

מיסאַיִל.

אונדזער כאַווער...

גריגאָרי.

אַ מענטש אַ וועלטלעכער, פון אַ שטעטל; כ'האָב באַלייט די זקיינים ביז דעם גרענעץ, און פונדאַנען קער איך זיך אום.

מיסאַיִל.

האָסט שוין כאַראָטע?

גריגאָרי (שטיל).

שווײַג.

פּריסטאַוו.

באַלעבאָסטע, שטעל נאָר אַרויס נאָך ווײַן—און מיר וועלן מיט די מאָנאַכנ אַ טרונק טאָן און אַ שמועס טאָן.

צווייטער פּריסטאַוו (שטיל).

דער באָכער איז, דאַכט זיך, דוֹיל,' פון אים קען מען גאָרנישט האָבן — דערפאַר די מאָנאַכנ...



ערשטער.

שווײַג, מיר וועלן זיך באַלד צו זיי דערקלײַבן. — וואָס, פאָ־טערלעך מײַנע? ווי גייען די געשעפטן?

וואַרלאַאַם.

שלעכט, זונע, שלעכט! אַצינד זײַנען די קריסטן געוואָרן קאַרג; האָבן ליב די מאַטבייע; באַהאַלטן די מאַטבייע. גאָט גיבן זיי ווינציק, ס'האָט אַראָפּגענידערט אַ גרויסער כעט אַפּ די אומעס פון דער ערד. זיי האָבן זיך אַרײַנגעלאָזן אין מיסכער און אין פאַלשקײַטן, זיי טראַכטן וועגן וועלטלעכע רײַכקײַטן, און ניט וועגן אויסלייזונג פון דער נעשאָמע. גייסט און גייסט, בעטסט און בעטסט; אַמאָל טרעפט זיך, אַז אין דרײַ טעג קיין דרײַ גראָשן בעטסטו ניט אויס. אַזאַ זינד! ס'גייט דורך אַ וואָך, צוויי, כאַפּסט אַ קוק אין בײַטעלע, ערשט אין דעם איז אַזוי ווינציק, אַז ס'איז אַ ביזויע און מאָנאַסטיר זיך באַווײַזן. וואָס טוט מען? פון צאָרעס פאַרטרינקסטו שוין דאָס איבעריקע אויך. אַן אומ־גליק און גאָר! — אָך, שלעכט. אַפּאָנעם, שוין די לעצטע צײַטן אונדזערע זײַנען אָנגעקומען...

באַלעבאָסטע (וויינט).

גאָט, דערבאַרעם זיך אַפּ אונדז און זאָלסט אונדז אויסלייזן!

(אין משך פון וואַרלאַאַמס רעדע קוקט זיך אײַן דער ערשטער פּריסטאַוו אין מיסאַיִלן).

ערשטער פּריסטאַוו.

אַליאָכע! האָסט בא זיך דעם קייסערס אוקאַז?

צווייטער.

כ'האָב אים בא זיך.

ע ר ש ט ע ר.

דערלאנג אים נאָר אהער.

מ י ס א יִ ל.

וואָס קוקסטו אפ מיר אזוי שטארק ?

ע ר ש ט ע ר   פ ר י ס ט א ו.

אָט פארוואָס: פונ מאָסקווע איז אנטלאָפנ איינער א וויסטער אפיקוירעס, גרישקא אָטרעפיעוו, האָסט געהערט וועגנ דעם ?

מ י ס א יִ ל.

כ׳האָב ניט געהערט.

פ ר י ס ט א ו.

ניט געהערט ? גוט. אונ אָט יענעמ אנטלאָפענעמ אפיקוירעס האָט דער קייסער באפוילנ אימ צו כאפנ אונ אופהענגענ. ווייסטו וועגנ דעם

מ י ס א יִ ל.

כ׳ווייס ניט.

פ ר י ס ט א ו (צו ווארלאאמענ).

דו קענסט לייענענ ?

ו א ר ל א א ם.

יונגוויַיז האָב איך געקענט, נאָר כ׳האָב זיך פארגעסנ.

פ ר י ס ט א ו (צו מיסאיִלנ).

אונ דו ?



מ י ס א יִ ל.

גאָט האָט מיר קיינ סייכל ניט ארײַנגעגעבנ.

פ ר י ס ט א ו.

איז אָט האָסטו דיר דעמ קייסערס אוקאז.

מ י ס א יִ ל.

אפ וואָס דארפ איך אימ ?

פ ר י ס ט א ו.

מיר דוכט זיך, אז אָט דער אנטלאָפענער אפיקוירעס, דער רויצייעך דער שווינדלער — דאָס ביסטו.

מ י ס א יִ ל.

איך ? גאָט איז מיט דיר ! וואָס רעדסטו ?

פ ר י ס ט א ו.

שטיי ! האלט די טיר. אָט וועלנ מיר זיך באלד דערוויסנ.

ב א ל ע ב א ָ ס ט ע.

אך, פארשאָלטענע רעשאָיִמ ! אפילע קיינ מאָנאך לאָזנ זיי ניט צורו !

פ ר י ס ט א ו.

ווער קענ דאָ לייענענ ?

ג ר י ג א ָ ר י (טרעט ארויס פאָרויס).

איך קענ.

פ ר י ס ט א ו.

אָט האָסטו דיר ! אונ בא וועמענ זשע האָסטו זיך אויסגעלערנט ?

גריגאָרי.

באַ אונדזער פּאַנאַמאַר.

פּריסטאַוו (גיט אים דעם אוקאַז).

טאָ לייען אַפּ אַ קאָל.

גריגאָרי (לייענט).

„פון טשודאָווער מאָנאַסטיר דער אומווירדיקער מאָנאַך גרי־
גאָרי, פון דער מישפּאָכע אָטרעפּיעוו, איז אַרײַנגעפאַלן אין אַפּי־
קאָרסעס און, אַ אָנגעלערנטער פונעם סאָטן, האָט ער געהאַט די
האָזע צו העצן די הייליקע ברודערשאַפט מיט אַלערליי פאַרפי־
רונגען און אומגעזעצלעכקײַטן. און נאָך די ידיעס נאָך האָט
זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַנטרונען געוואָרן, דער פאַרשאָל־
טענער גרישקאַ, צו דער ליטווישער גרענעץ...”

פּריסטאַוו (צו מיסאַילן).

וואָס זשע זאָגסטו, אַז ניט דו?

גריגאָרי.

„און דער קייסער האָט באַפוילן אים כאַפּן...”

פּריסטאַוו.

און אופהענגען.

גריגאָרי.

דאָ זאָגט זיך ניט אופהענגען.

פּריסטאַוו.

דו לײַגסט: ניט יעדער וואָרט ווערט אין דער שורע אַרײַנ־
געשריבן. לייען: כאַפּן און אופהענגען.



גריגאָרי.

„און אופהענגען. און אַלט איז ער דער רויציייעך גרישקאַ...
(קוקנדיק אַפּ וואַרלאַאַמען) העכער 50, און דער וווּקס אַ מיטעלער, אַ
שטערן האָט ער אַ פליכעוואַטן, אַ באָרד אַ גרויע, אַ בויך
אַ גראָבן...” (אַלע קוקן אַפּ וואַרלאַאַמען).

דער ערשטער פּריסטאַוו.

כעוורע! דאָ איז גרישקאַ! האַלט אים, בינדט אים! אָט דאָס
הייסט זיך אַפילע ניט געריכט, אַפילע ניט געטראַכט.

וואַרלאַאַם (אַרויסרײַסנדיק דעם פּאַפּיר).

טשעפּעט זיך אָפּ, הינטישע זין, וואָס בין איך פאַר אַ גריש־
קאַ? וואָס הייסט! 50 יאָר, אַ באָרד אַ גרויע, אַ בויך אַ גראָבן!
ניין, ברודערל, ביסט נאָך צו יונג, זאָלסט טרײַבן קאַטאָוועסלעך
מיט מיר. שוין לאַנג האָב איך ניט געלייענט, און איך קלײַב
שלעכט פאַנאַנדער, נאָר דאָ וועל איך שוין פאַנאַנדערקלײַבן, אויב
ס'דערגייט שוין די זאַך צו דער טליִע. (ער לייענט טראַפּ). „און אַלט
אי״ז ע״ר... 20”. וואָס, ברודערל, ווו איז דאָ 50? זעסט 20.

צווייטער פּריסטאַוו.

יאָ, עפּעס געדענקט זיך 20. אַזוי האָט מען אונדז אויך
געזאָגט.

דער ערשטער פּריסטאַוו (צו גריגאָריען).

דו ביסט, ברודערל, אַפּאָנעם, אַ לעץ.

(בעשאַס דעם לייענען שטייט גריגאָרי אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ מיט דער האַנט
אין בוזעם).

וואַרלאַאַם (זעצט פאָר).

„און דער וווּקס אַ קליינער, די ברוסט אַ ברייטע, איין
האַנט קירצער פון דער צווייטער, די אויגן בלויע, די האָר געלע,

אפ דער באַק א בראָדעווקע, אפּן שטערן די צווייטע". ס'איז,
מײַן פרײַנט, אָקאָרשט ניט דו?

(גריגאָרי נעמט פלוצלינג ארויס א קינזשאַל, אלע טרעטן אָפּ דעם וועג פאַר אים, ער ווארפט זיך אין פענצטער).

די פריסטאַווס.

האַלט! האַלט! (אלע לויפן אין אומאָרדענונג).

## מאָסקווע. שויסקיס הויז.

שויסקי, אסאַך געסט, א אָוונט-מאָלצײַט.

שויסקי.

נאָך ווײַן.

(שטייט אוף, נאָך אים אלע איבעריקע).

אונ איצטער, מײַנע ליבע געסט,
דער לעצטער קאָס. די טפילע לייען, ייִנגל!

דאָס ייִנגל.

אָ, קייסער הימלישער, דער דאָ איז אייביק
אונ אומעטום! פארנעם פון דײַנע קנעכט
די טפילע: לאָמיר טפילע טאָן פאַר אונדזער
מאָנארך, דעם פון דיר אויסדערווײלטן, פרומען,
דעם קייסער, זעלבסטהערשער פון אלע קריסטן.
באַהיט אים גאָט אין פאַלאַץ אונ אין שלאַכט-פעלד
אונ אפ די וועגן אונ אפ נאַכט-געלעגער,
אונ גיב אים א ניצאָכן אפ די סאָנים,
אונ רימען זאָל ער זיך פון יאַם ביז יאַם.
געזונט אונ שטארק זאָל בליִען, זײַן געזינד,
אונ זאָלן אירע צווײַגן טײַערע
באַשאָטענען די גאַנצע וועלט אפ ערדן.



צו אונדז, די קנעכט זײַנע, ער זאָל, ווי פריִער,
זײַן גנאָדיק, בארעמהערציק אונ געדולדיק,
אונ פון זײַן כאָכמע, וואָס ניט אויסצושעפּן,
ארויספליסן עס זאָלן אפ אונדז קוואַלן.
פאַר דעם מיר הייבן קייסערלעכן בעכער
אונ בעטן צו דיר, קייסער הימלישער.

שויסקי (טרינקט).

זאָל לעבן גרויסער קייסער! ליבע געסט,
האָט קיין פאַריבל ניט אפ מיר. איך דאַנק אײַך,
וואָס איר האָט ניט פאַרשעמט מײַן ברויט אונ זאַלץ.
האָט קיין פאַריבל ניט. א גוטע נאַכט!

(די געסט גייען אוועק, ער באַגלייט זיי ביז דער טיר).

פושקין.

זיך קוים אָפּגעטראָגן. נו, פירשט וואסילי איוואנאָוויטש,
כ'האָב שוין געמיינט, אז ס'וועט אונז ניט געלינגען אפילע איבערצורעדן צווישן זיך.

שויסקי (צו די מעשאָרסים).

אונ איר, וואָס האָט איר די מײַלער צעעפנט? איר וואָלט שטענדיק נאָר אונטערגעהערט די באַלעבאַטים אײַערע. נעמט צו פון טיש אונ גייט פונדאנען... וואָס איז, אפאנאסי מיכײַלאָוויטש?

פושקין.

וווּנדער, אונ גאָר.
ס'האָט הײַנט גאַוורילא פושקין, מײַן פלימעניק,
פון קראָקוי מיר א רײַטער צוגעשיקט.

שויסקי.

נו?

פושקין.

מאָדנע נײַסן שרײַבט מיר מײַן פּלימעניק.
וואַרט...

(ער גייט צו די טירן און באַקוקט זיי).

גראַזניס זון, דער מאַלכעסדיקער יונגלינג,
דער אומגעבראַכטער לויטן ווונק פון אונדזער
באָריסן...

שויסקי.

דאָס איז ניט קיין נײַס שוין.

פושקין.

וואַרט:
דימיטרי לעבט.

שויסקי.

אָט האָסטו! אזא פּסורע!
עס לעבט דער פּרינץ! נו, טאַקע וווּנדערלעך!
און נאָר אָט דאָס?

פושקין.

הער אויס מיך ביזן סאָף.
ווער ער זאָל דאַרט ניט זײַן, צי ס'איז דער פּרינץ
אַן אָפּגעראַטעוועטער, צי אַ גײַסט
אין זײַן געשטאַלט, צי גאָר אַ דרייסטער שווינדלער
אַ אומפאַרשעמטער, אַ פאַלשנאָמיקער, —
נאָר דאָרטן האָט דימיטרי זיך באַוויזן.

שויסקי.

עס קען ניט זײַן.



פושקין.

ס'האָט פּושקין אים אַליין
געזען, ווי ער איז ס'ערשטע מאָל געקומען
אין פּאַלאַץ און איז גלײַך צווישן רייען
פון פּאַנעס ליטווישע אַדורכגעגאַנגען
אין די געהיימע זאַלן פון דעם קיניג.

שויסקי.

נאָר ווער איז ער? פונוואַנען איז ער?

פושקין.

מ'ווייסט ניט;
באַוווּסט איז, אַז געווען איז ער אַ דינער
בײַ ווישנעוועצקין, אַז אויף קראַנקן בעט
האָט ער דעם סוד אַנטפּלעקט דעם ווידע־פּאַטער[1].
אַז שטאָלצער פּאַן האָט זיך דערוווּסט, האָט ער
אים אויפגעזען, פון בעט אים אויפגעהויבן,
דערנאָך אַוועקגעפירט צו סיגיזמונדן[2].

שויסקי.

איז וואָס זשע רעדט מען וועגן אָט דעם יונג?

פושקין.

מע זאָגט, אַז ער איז קלוג און פלינק און פרײַנטלעך
און אַלעמען געפעלט. פאַרקישעפט אַלע
אַנטלאָפענע פון מאָסקווע. די גאַלאָכים

1 ווידע־פּאַטער — גאַלעך.
2 סיגיזמונד — פּוילישער קעניג (1587—1632).

לאטײַנישע[1] — מיט אים אײנ האנט, דער קיניג
איז גוט צו אים, האָט צוגעזאָגט אים שטיצע.

### שויסקי.

דאָס אלץ איז, ברודערל, אזא מישמאש,
אז ס'קענ ניט ווילנדיק דעם קאָפּ פארדרייענ.
קײנ צווייפל ניט, ס'איז א פאלשנאָמיקער,
נאָר, איכ בינ מוידע, די געפאר ניט קלײנ איז.
ס'א וויכטיקע פּעסורע! אונ צום פאָלק
אויב ס'וועט דערגײנ, וועט זײַנ א גרויס געוויטער.

### פּושקינ.

אזא געוויטער, אז ס'איז ניט ווארשײַנלעכ,
באָריס זאָל אײַנהאלטנ אפ קלוגנ קאָפּ
די קרוינ. אונ רעכט אפ אים: ער הערשעוועט
מיט אונדז, ווי, ניט צו נאכט דערמאָנט, דער קײסער
איוואנ. וואָס קומט ארויס, וואָס איצט איז אָפּנ
קײנ קעפּונגענ ניטאָ, וואָס אפנ פּלאָקנ
דעם בלוטיקנ מיר זינגענ עפּנטלעכ
ניט קײנ קאנאָנענ יעזוסנ, אונ מ'ברענט
אונדז שוינ ניט אפנ פּלאצ, אונ ס'שארט ניט אונטער
דער קײסער מיט זײַנ סצעפּטער דאָרט קײנ קוילנ?[2]
צי זײַנענ מיר מיט אונדזער לעבנ זיכער?
אז יעדער טאָג דערווארט אונדז אומגנאָד, טפּיסע,
סיביר, צי א מאָנאכנ־הוט, צי קײטנ,
אונ דאָרט אינ העק — א הונגער־טויט צי טליִע.
מישפּאָכעס פּײַנסטע צווישנ אונדז — ווו זײַנענ?
די פירשטנ סיצקי ווו, די שעסטונאָווס,

1 לאטײַנישע — קאטוילישע.

2 אָנווײַזונגענ אפ די קעפּונגענ אונ אפ די פּײַניקונגענ, וואָס יאָאנ דער גרויזאמער פלעגט אָנווענדנ צו די באָיארנ, זײַנע קעגנער.



פונ פּאָטערלאנד די האָפנונג, די ראָמאנאָווס?
פארשפּארט, פארפּײַניקט, צי ארויסגעטריבנ.
האָב צײַט, עס וועט דאָס זעלבע אויכ מיט דיר זײַנ.
נו, זאָג, ס'איז גרינג: באלאגערט, ווי פונ ליטע,
מיר זײַנענ אינדערהײמ בא זיכ פונ קנעכט
פונ פאלשע, שטענדיק גרײטע צו פארקויפנ
די צונג, פונ דער רעגירונג אויסווורפנ
געקויפטע. אָפּהענגיק מיר זײַנענ דאָ
פונ יעדער כאָלאָפּ, וואָס מיר ווילנ אים
באשטראָפנ. אָט איז אײַנגעפאלנ אים
דעמ יורי־טאָג[1] פארניכטנ, אונ מיר האָבנ
קײנ דײַע ניט אינ גיטער אונדזערע.
דערוועג זיכ ניט א פוילנ צו פארטרײַבנ!
ווילסט יאָ, ווילסט ניט, דו מוזט אים האָדעווענ.
ניט וואג צו אָפּרעדנ אנ ארבעטער,
אז ניט איז אינ כאָלאָפּישער קאָלעגיע[2].
נו, איז אפילע פאר איוואנ דעמ קײסער
געווענ אזא רעציכע? אונ ס'דענ גרינגער
דעם פאָלק? אָט פרעג. זאָל דער פאלשנאָמיקער
דעם אלטנ יורי־טאָג זיי צוזאָגנ
נאָר פּרוּוונ, וועט אוועק א שפּיל.

1 יורי־טאָג — 26 נאָיאבער. צו דעם טאָג, נאָכנ ענדיקנ די הארבסט-ארבעט, האָבנ די פויערים געהאט רעכט אוועקצוגײנ פונ זײער גוטבאזיצער אונ געפינענ זיכ אנ אנדער באלעבאָס. די דאָזיקע רעכט איז אָפּגעשאפט געוואָרנ אינ XVI י. ה., אונ די פויערים זײַנענ ענדגילטיק פארוואנדלט געוואָרנ אינ צוגעפעסטיקטע לײַב־קנעכט. אײניקע האָבנ צוגעשריבנ דאָס אָפּשאפנ דעם יורי־טאָג באָריס גאָדו־נאָוונ.

1 כאָלאָפּישע קאָלעגיע — א רעגירונגס־אנשטאלט, וואָס האָט פאר־וואלטעט מיט די איניאָנים פונ די לײַבײגענע פויערים אונ מיט די צווישנ־באציִונגענ צווישנ די פויעוימ אונ גוטבאזיצער.

שויסקי.

דו ביסט
גערעכט. נאָר, ווייסט, פון אָט דעם אלעמען
מיר וועלן שוויַיגן ביז א ציַיט.

פושקין.

פארשטייט זיך,
מ'דארף וויסן פאר זיך. ביסט א מענטש א קלוגער.
כ'בין שטענדיק גערן שמועסן מיט דיר,
און אויב עפּעס מיך לאָזט אמאָל ניט רוען,
איז קען איך ניט, איך זאָל עס דיר ניט זאָגן.
דערצו נאָך האָט דיַין סאמעטענער ביר,
דיַין מעד מיר היַינט אזוי מיַין צונג צעבונדן...
אדיע, מיַין פירשט.

שויסקי.

אדיע, צום ווידערזען.

(באגלייט פושקינען).

## קייסערשער פאלאץ.

דער פרינץ צייכנט א געאָגראפישע קארטע, די פרינצעסן, דער פרינצעסנס ניאניע.

קסעניע (קושט א פּאָרטרעט).

ליבער כאָסן מיַינער, שיינער בענמעלעך, ניט מיר ביסטו אָנגעקומען, ניט דער קאלע דיַינער, נאָר דעם פינצטערן קיווער אין א פרעמדן לאנד. קיינמאָל וועל איך זיך ניט טרייסטן, אייביק וועל איך דיך באוויינען.



ניאניע.

איַי, פּרינצעסן! א מיידל וויינט, איז ווי דער טוי פאלט... עס גייט אוף די זון, טריקנט זי אויס דעם טוי. וועסט האָבן אן אנ־דער כאָסן, א שיינעם און א ווילן. וועסט אים ליב באקומען, קינד אונדזער ציטעריקס, וועסט פארגעסן דעם בענמעלעך.

קסעניע.

ניין, מאמעלע, איך וועל אים א טויטן זיַין געטריַי.

(ס'גייט ארייַן באָריס).

קייסער.

וואָס, קסעניע? וואָס, ליבע טאָכטער מיַינע?
שוין קאלעוויַיז א טרויעריקע אלמאָנע!
באוויינסט נאָך אלץ דעם טויטן כאָסן? קינד מיַינס!
עס איז מיר ניט באשערט געווען צו זיַין
דער שולדיקער פון אייַער גליקלעך לעבן.
איך האָב, קען זיַין, דעם אייבערשטן דערצארנט,
כ'האָב ניט געקענט דיר איַינשאפן דיַין גליק.
פארוואָס זשע קומסטו אָפּ, דו אומשולדיקע?
און דו, מיַין זון, וואָס טוסטו? וואָס איז דאָס?

פיאָדאָר.

א פּלאן פון מאָסקווער לאנד; ס'איז אונדזער מלוכע
פון ראנד ביז ראנד. אָט זעסטו: דאָ איז מאָסקווע,
דאָ נאָווגאָראָד, דאָ אסטראכאן. דער יאם אָט,
און אָט די פּערמער וועלדער די געדיכטע.
אָט איז סיביר.

קייסער.

און דאָס וואָס איז אזוינס,
ווי א געהעפט דאָ דרייט זיך?

פ י אָ ד אָ ר.

ס'איז די וואָלגע.

ק ײ ס ע ר.

ווי ווויל! דאָס איז די זיסע פּרוכט פון לערע!
ווי פון די וואָלקנס, קענסט די גאַנצע מלוכה
באַקוקן מיטאַמאָל: די גרענעצן,
די שטעט, די טײַכן. לערן זיך, מײַן זון:
די וויסנשאַפט פאַרקירצט אונדז די דערפאַרונג
פון דעם גיכפליסנדיקן לעבן. ס'וועלן
אַמאָל, און קען זײַן גיך, די אַלע קאַנטן,
וואָס דו האָסט אויף פּאַפּיר הײַנט אַזוי קונציק
זיי אָנגעצייכנט, אַלע אָנקומען
אונטער דײַן האַנט — איז לערן זיך, מײַן זון,
און גרינגער וועסט און קלאָרער דאַן באַנעמען
די מי די מלוכישע.

(עס גייט אַרײַן ס ע מ י אָ ן ג אָ ד ו נ אָ װ).

אָט איז צו מיר
געקומען גאָדונאָוו מיט אַ באַריכט.

(צו קסעניען) נעשאָמע מײַנע, גיי צו זיך אין אַלקער;
אַנטשולדיק, פרײַנט מײַנער, זאָל גאָט דיך טרייסטן.

(ק ס ע נ י ע און די נ י אַ נ י ע גייען אַוועק).

וואָס וועסטו זאָגן מיר, סעמיאָן ניקיטיטש?

ס ע מ י אָ ן ג אָ ד ו נ אָ װ.

עס זײַנען הײַנט באַגינען פּושקינס דינער
און פירשט וואַסיליעס הויפמײַסטער[1] געקומען
צו מיר מיט אַ מעסירע.

---

[1] ה ו י פ מ ײַ ס ט ע ר — עלצטער פון די דינער.



ק ײ ס ע ר.

נו?

ס ע מ י אָ ן ג אָ ד ו נ אָ װ.

עס האָט
אַפרי'ער פּושקינס דינער מיר געמאָלדן,
אַז נעכטן אינדערפרי צו זיי אין הויז
פון קראָקוי אָנגעקומען איז אַ רײַטער,
און אין אַ שאָ אַרום אָן אַ געשריפטס
האָט מען אים אָפּגעשיקט צוריק.

ק ײ ס ע ר.

פאַרכאַפּן

דעם רײַטער!

ס ע מ י אָ ן ג אָ ד ו נ אָ װ.

שוין אַוועקגעשיקט דעריאָגן.

ק ײ ס ע ר.

פון שויסקין וואָס?

ס ע מ י אָ ן ג אָ ד ו נ אָ װ.

ער'ט נעכטן אויפגענומען
די פרײַנט זײַנע, די ביידע מילאָסלאַווסקיס,
מיכײַלע סאַלטיקאָוון, די בוטורלינס,
און פּושקינען און נאָך עטלעכע מענטשן;
צעגאַנגען איז מען זיך שפּעט שוין. פּושקין נאָר
איז איינ־אַליין דאָרט מיט דעם באַלעבאָס
געבליבן און נאָך לאַנג מיט אים געשמועסט.

קייסער.

נאָך שויסקין שיקן באַלד.

סעמיאָן גאָדונאָוו.

ער איז שוין דאָ,
אָ, קיניג!

קייסער.

אים אַרײַנרופן. אהער!

(גאָדונאָוו גייט אוועק).

קייסער.

באַציִונגען מיט ליטע! וואָס איז דאָס?..
דערווידער איז מיר די בונטאַרישע
מישפּאָכע פּושקין, און צו שויִסקין טאָר ניט
קיין צוטרוי זײַן: א גליטשיקער, אָבער
א דרייסטער און א כיטרער...

(גייט אַרײַן שויסקי).

פירשט, כ'דאַרף עפּעס
מיט דיר צו רעדן, נאָר, מיר דוכט, דו ביסט
אַליין געקומען עפּעס מיט אַן איניען,
און אויסהערן מיר ווילט זיך דיך אַפּריִער.

שויסקי.

יאָ, קיניג; ס'איז מײַן פליכט דיר צו דערציילן
א וויכטיקע ידיִע.

קייסער.

נו, איך הער דיך.



שויסקי (שטיל, ווײַזנדיק אף פּיאָדאָרן).

נאָר, קיניג...

קייסער.

ווייסן מעג דער פּרינץ דאָס אַלץ,
וואָס ס'ווייסט פירשט שויסקי. רעד.

שויסקי.

ס'איז אונדז פון ליטע,
אָ, קיניג, אָנגעקומען א ידיִע...

קייסער.

ניט די, וואָס פּושקינען געבראַכט האָט נעכטן
א רײַטער?

שויסקי.

אַלצדינג ווייסט ער!—איך האָב, קיניג,
געמיינט, דו ווייסט נאָך ניט פון אָט דעם סאָד.

קייסער.

נישקאָשע, פירשט: פאַרגלײַכן די ידיִעס
איך וויל; מיר וועלן אַנדערש ניט דערגיין
דעם עמעס.

שויסקי.

כ'ווייס נאָר אָט וואָס, אַז אין קראָקוי
באַוויזן האָט זיך א פאַלשנאָמיקער,
און אַז ס'פאַר אים דער קעניג און די פּאַנעס.

קייסער.

וואָס רעדט מען? ווער איז דער פאַלשנאָמיקער?

שויסקי.

איך ווייס ניט.

קייסער.

נאָר... מיט וואָס איז ער געפערלעך?

שויסקי.

פארשטייט זיך, קייסער: שטארק איז דייַן מעלוכע,
דו האָסט מיט גנאָד, מיט זאָרגן, מיט כאסאָדים
דערוואָרבן זיך דאָס הארץ פון דייַנע קנעכט.
נאָר ווייסט אליין: דער נארישער האמוינ
איז ניט געשטעלט, בונטאריש, אבערגלויביק,
א ווייַלע איבערעדן — איז ער גרייט,
אינ פוסטע האָפענונגען גרינג פארגלויבט,
און פאר דעם עמעס גלייַכגילטיק און טויב,
און שפייַזט מיט מייַסעס זיך, מים פוסטע רייד.
געפעלן איז אים אייַנשטעל אומפארשעמטער.
איז וועט דער שלעפער אָט דער אומבאקענטער
די גרענעצ איבערגיינ אפ אונדזער זייַט, —
וועט צוציִען פיל אומזיניקע לייַט
צו אים דאנ דמיטרעס אופגעלעבטער נאָמען.

קייסער.

דימיטרעס!.. וויִאזוי? פון אָט דעם קינד!
דימיטרעס!.. פרינצ, דערווייַטער זיך פונדאנען...

שויסקי.

ער'ז רויט געוואָרן: ס'גייט א שטורעם!..



פיאָדאָר.

קיניג,
וועסט ניט דערלויבן...

קייסער.

מ'טאָר ניט, גיי, מייַנ זונ.
(פיאָדאָר גייט אוועק).
דימיטרי!..

שויסקי.

ער האָט גאָרנישט ניט געוווּסט.

קייסער.

הער, פירשט: די רעגע מיטלען אָנעמען —
אז רוסלאנד זאָל זיך אָפצוימען פון ליטע
מיט וואכ־פּאָסטנס; אז ס'זאָל קיינ איינ נעשאָמע
דעם ראנד אָט דעם ניט איבערגיינ; אז ס'זאָל ניט
קיינ האָז צו אונדז פון פוילן איבערלויפן;
אז ס'זאָל א קראָ פון קראָקוי ניט פארפליִען.
גיי.

שויסקי.

כ'גיי.

קייסער.

ווארט צו. ניט ריכטיק, די יעדיִע
פאנטאסטיש איז? צי האָסטו ווען געהערט,
אמאָל, אז טויטע זאָלן פונעם קייווער
ארויסגיינ נעמען אפ פארהער קייסאָרים,
געזוועצלעכע קייסאָרים, די באשטימטע

און אויסגעווײלטע פונעם גאנצן פאָלק,
געקרוינטע פונעם גרויסן פאטריאַרך?
ס'איז לעכערלעך? הא? וואָס? וואָס לאכסטו ניט?

שויסקי.

איך, קיניג?..

קייסער.

הער נאָר אויס מיך, פירשט וואסילי:
ווי באלד כ'האָב זיך דערוווּסט, אז אָט דעם ייִנגלינג...
אז אָט דער ייִנגלינג איז געשטאָרבן פּלוצלינג,—
ביסטו אפ אויספאָרשן געשיקט געווען;
איצט מיטן קרייץ, מיט גאָט באשווער איך דיך,
דעם עמעס אפ נעמאָנעס מיר דערצייל:
צי האָסטו דאן דערקענט דאָס טויטע קינד?
צי איז עס ניט געווען פארביטן? ענטפער.

שויסקי.

איך שווער דיר...

קייסער.

ניין, מע דארף ניט, שויסקי, שווער ניט,
נאָר ענטפער: ס'איז געווען דער פּרינץ דאן?

שויסקי.

יאָ.

קייסער.

באטראכט זיך, פירשט. איך זאָג דיר צו מײַן כבוד,
פאר פריערדיקן ליגן כ'וועל מיט אומכיין



אומזיסט דיך ניט באשטראָפן, נאָר אויב איצט
מיט מיר ביסט פאלש, בא קאָפּ פון זון מײַנעם
איך שווער, ס'וועט טרעפן דיך א בייזע שטראָף,
אזא מין שטראָף, אז ס'וועט איוואן וואסיליטש
פון שרעק אין קייווער אזש דערשיטערט ווערן.

שויסקי.

ס'איז שטראָף ניט שרעקלעך: שרעקלעך איז דײַן אומגנאָד.
צי וועל איך וואגן דען מיט דיר זײַן פאלש?
און צי געקענט כ'האָב אזא טאָעס האָבן,
דימיטרען ניט דערקענען? כ'האָב דרײַ טעג
זײַן גוף אין קאטעדראל באזוכט. גאנץ אוגליטש
האָט מיך באגלייט אהין. ס'איז דרײַצן קערפּערס,
צעריסענע אפ שטיקלעך פונעם פאָלק,
געלעגן ארום אים, און ס'איז שוין פוילונג
אפ אלע זיי ארויסגעטראָטן דײַטלעך,
נאָר ס'קינדערשע געזיכט פון פּרינץ איז קלאָר
געווען און פריש און שטיל, ווי א פארוויגטער;
עס האָט די טיפע וווּנד זיך ניט פארבאקן,
דער אָנבליק פונעם פּאָנעם ניט געענדערט.
ניין, קעניג, ס'איז קיין סאָפעק ניט: דימיטרי
אין קייווער שלאָפט.

קייסער (רויִק).

גענוג, דערווײַטער זיך.

(שויסקי גייט אוועק).

אוך, שווער!.. לאָז אָפּכאפּן דעם אָטעם — כ'פיל:
דאָס גאנצע בלוט האָט זיך אין פּאָנעם מיר
געוואָרפן — און זיך שווער אראָפּגעלאָזן...
איז אָט פארוואָס ס'האָט דרײַצן יאָר מיר קסיידער

זיך אלץ געכאָלעמט דאָס געטויטע קינד!..
יאָ, יאָ — אָט וואָס! אצינד פארשטיי איך שוין.
נאָר ווער איז ער, מײַן סוינע גרויזאמער?
ווער גייט אפ מיר? א נאָמען נאָר, א שאָטן.
צי דען א שאָטן וועט דעם קעניג־מאנטל
פון מיר אראָפרײַסן? צי ס׳וועט א קלאנג
בא מײַנע קינדער אָפנעמען די ירושע?
א דולער כ׳בין! וואָס האָב איך זיך דערשראָקן?
אפ דעם געשפענסט א בלאָז געבן — און גאָר.
באשלאָסן: ס׳וועט אפ מיר קיין שרעק ניט מאכן,
נאָר גאָרניט אָבער גרינגשעצן מע טאָר...
אָך, שווער ביסטו, דו הוט פון מאָנאָמאכן![1]

## קראָקוי. ווישנעוועצקיס הויז.

דער פאלשנאָמיקער און Pater[2] טשערניקאָווסקי.

### פאלשנאָמיקער.

ניין, ס׳וועט ניט זײַן קיין מניע, פאָטער מײַנער.
דעם גײַסט פון פאָלק פון מײַנעם ווייס איך קלאָר;
ס׳דערגייט ניט ביז משוגאס די פרומקײַט זײַנע,
ס׳זײַנען קייסערס בײַשפיל הייליק אים ביז גאָר.
און ס׳שטענדיק דאָך געדולדיקײַט גלײַכגילטיק.
כ׳בין אָרעוו, אז נאָך פריִער פון צוויי יאָר
דאָס גאנצע פאָלק מײַנס און די גאנצע קירכע

[1] הוט פון מאָנאָמאכן — אן אלטע הוט, וואָס פלעג באנוצט ווערן באם קרוינען די רוסישע קייסאָרים. האָט זיך גערעכנט פאר איינעם פון די הויפט־סימאָנים פון דער קייסערשער מאכט.

[2] Pater (פאטער) — א לאטײַניש פאָטער. אזוי רופט מען די קאטוילישע גאלאָכים.



די צאָפנדיקע[1] וועלן אָנערקענען
אפ זיך די מאכט פון פעטערס שטעלפארטרעטער[2].

### Pater.

זאָל הייליקער איגנאטי[3] דיך דערהאלטן,
ווען עס וועט אָנקומען אן אנדער צײַט,
דערווײַל האלט, פרינץ, אין הארצן טיף באהאלטן
די זוימען פון דעם הימלס זעליקײַט.
פאר וועלט פאר נאָך ניט גלויביקער זײַן פאלש
אמאָל דער פליכט דער גײַסטיקער אונדז הייסט.
די רייד דײַנע, די מײַסים מישפעטן
די מענטשן, און דײַן מיין נאָר גאָט אליין זעט.

### פאלשנאָמיקער.

אמין. ווער איז דאָרט!

(עס גייט ארײַן דער מעשאָרעס).

זאָג: מיר נעמען אוף.

(עס עפנט זיך די טיר; עס גייט ארײַן א מענגע רוסן און פוילן).

כאוויירים! מאָרגן טרעטן מיר ארויס
פון קראָקוי. איך וועל, מנישעק, אפ דרײַ טעג
זיך אָפשטעלן בא דיר דאָרט אין סאמבאָר.
איך ווייס: דײַן גאסטפרײַנטלעכער שלאָס — ער גלאנצט
מיט פרעכטיקײַט מיט איידעלער, און אויך
ער רימט זיך מיט דער יונגער באלעבאָסטע.
איך האָף צו זען דאָרטן די וווּנדערשיינע
מארינע. און איר, ליבע פרײַנט מײַנע,

[1] צאָפנדיקע קירכע — די רוסישע פראוואָסלאווישע קירכע.

[2] פעטערס שטעלפארטרעטער — דער רוימישער פויפסט, וואָס שטייט אין שפיץ פון דער קאטוילישער קירכע, אלס דער פארטרעטער פונעם אפאָסטאָל פעטער.

[3] איגנאטי לאָיאָלא — דער גרינדער פון דעם יעזויִטישן מאָנאכן־אָרדען.

איר, ליטע, רוסלאנד, וואָס האָט אופגעהויבן
די ברידערלעכע פאָנען אפן פייַנט
אפ אלגעמיינעם, אפ מייַן בייזן סוינע,
איר זין פון סלאוון, כ'וועל איינגיכן פירן
די מעכטיקע דרוזשינעס אייַערע
אין שלאכט געגארטן. נאָר איך זע אצינד
דאָ נייַע פענעמער צווישן אייַך.

גאווריל א פושקין.

זיי זייַנען צו דייַן גנעדיקייַט געקומען
צו בעטן שווערד און דינסט.

פאלשנאָמיקער.

עס פרייט מיך, קינדער.
צו מיר, איר פרייַנט מייַנע. — נאָר זאָג מיר, פושקין,
ווער איז אָט דער־אָ שיינער יונג?

פושקין.

פירשט קורבסקי.

פאלשנאָמיקער.

א הויכער נאָמען! (צו קורבסקין) דו ביסט ניט קיין קאָרעוו
פון דעם קאזאנער העלד?[1]

קורבסקי.

איך בין זייַן זון.

1 קאזאנער העלד — דער באוווסטער אין דער רוסישער געשיכטע פירשט קורבסקי, וואָס איז אנטלאָפן פון יאָאן דעם גרויזאמענס פארפאָלגונגען אין דער ליטע, און פון דאָרטן געפירט א פאָלעמישן בריוו־אויסטויש מיט יאָאנען.



פאלשנאָמיקער.

זייַן זון? ער לעבט נאָך?

קורבסקי.

ניין, ער איז געשטאָרבן.

פאלשנאָמיקער.

א גרויסער קאָפּ! א מאן פון שלאכט און ראט:
נאָר זינט, — פאר די באליידיקונגען זייַנע
א אָנראכמאָנעסדיקער נקאָמענעמער, —
ער איז דערשינען דאן מיט די ליטווינער
אונטער די ווענט פון אלטער שטאָט, פון אָלגין,
זינט דאן מע הערט פון אים ניט.

קורבסקי.

ס'האָט מייַן פאָטער
פארבראכט די לעצטע יאָרן אין וואָלין —
אין די מאיאָנטקעס, וואָס געשענקט האָט אים
באטאָרי[1]. שטיל און איינזאם האָט ער דאָרט
אין וויסנשאפט געזוכט פאר זיך דערקוויקונג.
נאָר ניט געטרייסט האָט מי אים פרידלעכע:
געדענקט דאָס פאָטערלאנד פון יוגנט זייַנער
האָט ער, און ביזן סאָף נאָך דעם געבענקט.

פאלשנאָמיקער.

אָ, פירער אומגליקלעכער! ווי ס'האָט העל
א שייַן געטאָן דער אופגאנג פון זייַן ראשיק
און שטורמיק לעבן. כ'פריי זיך, איידלער ריטער,
וואָס ס'בעט זייַן בלוט מיט פאָטערלאנד זיך איבער.

1 סטעפאן באטאָרי — פוילישער קיניג (1586—1576).

די שולד פון פּאָטערס דאַרף מען ניט דערמאנען;
פריד זייער קייווער! קום צו, קורבסקי, נעענטער...
די האַנט דערלאַנג! ניט מאָדנע איז דען? ס'פירט
א זון פון קורבסקין אַפן טראָן איצט, וועמען?
יאָאַנס א זון! ס'איז אַלץ אצינד פאר מיר —
אי מענטשן, אי דער מאַזל. דו ווער ביסט?

פ אָ ל י א ק.

סאָבאַנסקי, כ'בין א פרייַער שליאכטיטש.

פ א ל ש נ אָ מ י ק ע ר.

לויב

און רום דיר, זון פון פרייַהייַט! אויסצאָלן
פּאָרויס א דריטל אים פון זייַן געהאַלט.
נאָר די ווער זייַנען? איך דערקען אַפ זיי
פון אייגן לאַנד די קליידער. ס'אונדזערע.

כ ר ו ש ט ש אָ ו (בוקט זיך).

יאָ, קיניג, פּאָטערל, מיר זייַנען דייַנע
געטרייַע און געיאָגטע כאָלאָפּן.
פון מאָסקווע, דאָרט פאַרפּאָלגט, צו דיר אנטלאָפן,
אָ, קייסער אונדזערער, — און גרייט פאר דיר
די קעפּ צו לייגן, אונדז'רע גופים זאָלן
צום קייזערלעכן טראָן זייַן טרעפּ פאר דיר.

פ א ל ש נ אָ מ י ק ע ר.

דערמוטיקט זיך, מאַרטירער אומשולדיקע,
לאָזט נאָר ביז מאָסקווע מיר דערקלייַבן זיך,
און ס'וועט בּאָריס פאר אַלץ זיך דאַן צעצאָלן.
און דו, ווער ביסטו?



ק א ר ע ל א.

א קאַזאַק. פון דאָן.
געשיקט צו דיר פון די כאַיאָ'עס פּייַע,
פון אַטאַמאַנען דרייסטע, פון קאַזאַקן,
וואָס פון דער הייך פון טייַך און פון דער נידער,
די קייסערשע די קלאָרע אויגן דייַנע
צו אָנקוקן און בוקן זיך צו דיר
מיט קעפּ מיט זייערע.

פ א ל ש נ אָ מ י ק ע ר.

איך האָב געקענט
די דאָנצעס. די קאַזאַקישע בונטשוקעס [1]
אין מייַנע רייען ניט געצווייפלט כ'האָב
צו זען. מיר דאַנקען אונדזער דאָנער כייַעל.
ס'איז אונדז באַוווּסט, אַז די קאַזאַקן זייַנען
אצינדערט אומגערעכט געדריקט, פאַרפאָלגט;
נאָר אויב ס'וועט גאָט אונדז העלפן אַפ דעם טראָן
פון פּאָטערס אונדזערע אַרופצוטרעטן,
מיר וועלן, ווי אַמאָל, באַגנעדיקן
דאַן אונדזער פרייַען און געטרייַען דאָן.

פ אָ ע ט (דערנענטערט זיך, פאַרנייגט זיך נידעריק און כאַפּט גרישקע'ן פאר דער פּאָלע).

אָ, גרויסער פרינץ, אָ, קלאָרער בעל־מעלעך!

פ א ל ש נ אָ מ י ק ע ר.

און דו, וואָס ווילכטו?

1 בונטשוק — א קאַזאַקישער מיליטערישע צייכן.

**פּאָעט** (דערלאַנגט אים אַ פּאַפּיר).

אָט די אָרמע פּרוכט
פֿון מי פֿון פֿלײַסיקער נעמט אָן מיט כעסעד.

**פּאַלשנאָמיקער.**

וואָס זע איך עס? לאַטײַנישע געדיכטן!
ס'איז הײליק הונדערטפאַך דער בונד פֿון שווערד
און לירע. ס'וויקלט אײניק זײ אײן לאָרבער.
געבוירן בין איך אונטער צאָפּן־הימלען,
נאָר ס'איז די מוזע די לאַטײַנישע
באַקאַנט מיר, און די בלומען פֿון פּאַרנאַס [1]
כ'האָב ליב, און גלײב דער נוווע פֿון פּאָעטן.
נײן, ניט אומזיסט היספּײַלעס זידט באַ זײ
אין ברוסט אין פֿלאַמיקער. סע איז געבענטשט
דער טאַט, דעם וועלכן זײ האָבן באַצײַטנס
גערימט. דערנענטער זיך, פֿרײַנט מײַנער,
אין אָנדענק מײַנעם נעם אָט די מאַטאָנע.

(ער גיט אים אַ רונג).

ווען ס'וועט געשען מיט מיר, וואָס ס'איז באַשערט,
ווען אָנטאָן כ'וועל די קרוין פֿון עלטערן,—
כ'האָף נאָכאַמאָל דײַן זיסע שטים דערהערן
דעם הימן דײַנעם דעם באַגײַסטערטן.
Musa gloriam coronat, gloriaque musam [2].
נו, פֿרײַנט מײַנע, צו ווידערזען, ביז מאָרגן.

---

1 בלומען פֿון פּאַרנאַס — פּאָעזיע. פּאַרנאַס — נאָמען פֿון אַ באַרג, וווּ עס האָבן זיך אופֿגעהאַלטן, לויט דער גריכישער מיפֿאָלאָגיע, אַפּאָלאָן און די מוזעס.

2 די מוזע באַקרוינט די רום, און די רום — די מוזע.



**אלע.**

אין מאַרש! אין מאַרש! זאָל לעבן פּרינץ דימיטרי!
לאַנג לעבן זאָל דער גרויסער פֿירשט דער מאָסקווער!

## דער שלאָס פֿון דעם וואָיעוואָדע מנישעק אין סאַמבאָר.

אַ רײ באַלויכטענע צימערן, מוזיק. **ווישנעוועצקי, מנישעק.**

**מנישעק.**

ער רעדט בלויז מיט מאַרינען מײַנער זעלבסט,
בלויז מיט מאַרינען זעלבסט איז ער פֿאַרנומען...
די זאַך איז אַף אַ כאַסענע שטאַרק ענלעך;
נו, האָסט געטראַכט, זאָג מוידע, ווישנעוועצקי,
מײַן טאָכטער זאָל אַ קיניגן זײַן? הא?

**ווישנעוועצקי.**

יאָ, וווּנדער... נו און דו געטראַכט האָסט, מנישעק,
מײַן דינער אופֿגײן זאָל אַף מאָסקווער טראָן?

**מנישעק.**

און ווי געפֿעלט דיר, כ'בעט דיך, מײַן מאַרינע!
כ'האָב נאָר אַ זאָג געטאָן איר: נו, גיב אַכטונג!
ניט לאָז אַרויס דימיטריִען!.. און אָט
אַלץ פֿאַרטיק. ער איז שוין אין אירע נעצן.

(די מוזיק שפּילט אַ פּויליש. דער **פּאַלשנאָמיקער** גײט מיט **מאַרינען** אין דער ערשטער פּאָר).

**מאַרינע** (שטיל צו דימיטריִען).

יאָ, כ'בין אין אָוונט עלף אַזײגער מאָרגן
אין לינדנבוים־אַלײע באַם פֿאָנטאַן.

(מע צעגײט זיך. אַ צווײטע פּאָר).

קאוואלער.

וואָס האָט דערזען אין איר דימיטרי?

זאַמע.

זי איז
א שיינהייט.

קאוואלער.

יאָ, פון מירמלשטיין א נימפע:
די אויגן, ס'מויל אָן לעבן, אָן א שמייכל ..
(א נייע פאָר).

דאמע.

ער איז ניט שיין, נאָר ס'אָנגענעם זיין אויסזען,
און מ'זעט אין אים א קייזערלעכע בלוט.
(א נייע פאָר).

זאַמע.

איז ווען דער מארש?

קאוואלער.

ווען ס'וועט דער פרינץ באפוילן,
מיר זיינען גרייט; נאָר, זעס אויס, פאנע מנישעק
מיט דימיטריען וועט אין געפאנגעניש
אונדז דאָ פארהאלטן.

זאַמע.

ס'איז אן אָנגענעמע
געפאנגעניש.

קאוואלער.

פאַרשטייט זיך, אויב נאָר איר...
(מע צעגייט זיך; ער צימער ווערט ליידיק).



מנישעק

מיר, אלטע לייט, מיר טאנצן איצט שוין מיין ניט,
אונדז ציט ניט פון מאזורקע די מוזיק;
מיר דריקן, קושן ניט קיין הענט קיין שיינע...
כ'געדענק נאָך אלטע שטיפערישע שטיק!
ס'איז איצט ניט דאָס, ניט דאָס, וואָס יענע יאָרן,
ס'האָט יוגנט ניט די דרייסט, הער מיינע רייד,
און ס'האָט די שיינקייט שוין ניט אזא פרייד;
זיי מוידע: ס'אומעטיקער אלץ געוואָרן.
קום, כאווער מיינער, זאָלן זיי דאָ זיין,
מיר וועלן אלטן אונגארישן ווייַן
א פלאש, מיט גראָז באוואָקסן, זיך באשטעלן,
און אין א ווינקל זופן זאלבעצווייט
דאָס שמעקנדיק געדיכט געטראנק מיר וועלן,
דערביי א שמועס טאָן שוין שטילערהייט.
איז קום זשע, ברודער.

וישנעוועצקי.

רעכט, מיין פריינט, נו קום.

## נאכט. גאָרטן. פאָנטאן.

פאלשנאָמיקער (גייט אריין).

אָט ז'דער פאָנטאן: זי וועט אהערצו קומען.
כ'בין, דוכט זיך, ניט קיין שרעקיקער געבוירן;
איך האָב פאר זיך געזען דעם טויט גאָר נאָוונט,
און פארן טויט מיין הארץ האָט ניט געציטערט.
ס'האָט אייביקע געפענקעניש געדראָט מיר,
מ'האָט זיך געיאָגט נאָך מיר, נאָר מיין גמיט

איז ניט געפאלן, כ׳האָב מיט האָזע מײַנער
זיך פון געפּענקעניש געראַטעוועט.
נאָר וואָס אָבער פאַרכאַפּט אַצינד מײַן אָטעם?
און וואָס באַטײַטן זאָל די ציטערניש,
וואָס כ׳קען זי ניט באַהערשן? צי דאָס איז
דער ציטער פון באַגערן אָנגעשטרענגטע?
ניין — דאָס איז שרעק. אַ גאַנצן טאָג געוואָרט
אַף דער געהיימער זעונג מיט מאַרינען,
אַרומגעטראַכט אַלצדינג, וואָס כ׳וועל איר זאָגן,
ווי כ׳וועל פאַרפירן איר פאַרשטאַנד דעם שטאָלצן,
ווי איך וועל אָנרופן זי מאָסקווער מאַלקע, —
געקומען ס׳איז די שאָ — געדענק איך גאָרניט.
די רעדעס אויסגעכאַזערטע כ׳געפין ניט.
די ליבע מיר פאַרטונקלט מײַן פאַנטאַזיע...
נאָר עפּעס האָט געטאָן אַ שווינדל... שטילער...
אַ שאָרך... ניין, ס׳נאַרנדיקע לוואָנע־שײַן,
און ס׳האָט אַ ווינטל דורכגערוישט דאָ.

מאַרינע (גייט אַרײַן).

פּרינץ!

פאַלשנאָמיקער.

זי!.. ס׳גאַנצע בלוט אין מיר האָט אָפּגעשטעלט זיך.

מאַרינע.

ס׳איר? דמיטרי!

פאַלשנאָמיקער.

צויבערלעכע זיסע שטים!

(ער גייט צו איר). ס׳איז ענדלעך דו? ציווירקלעך זע איך דיך?
אַליין מיט מיר, אין שוץ פון שטילער נאַכט?



ווי לאַנגזאַם ס׳ציט זיך לאַנגווײַליקער טאָג!
ווי לאַנגזאַם ס׳לעשט זיך אויס די אָוונט־שײַן!
ווי לאַנג כ׳האָב אין דער נאַכט־פינצטער געוואַרט!

מאַרינע.

די שאָען לויפן, ס׳טײַער מיר די צײַט —
ניט צוליב דעם כ׳האָב דאָ באַשטימט מיט דיר
אַ זעונג, קעדיי צו הערן צאַרטע רייד
פון אַ געליבטן. ווערטער דאַרף מען ניט.
איך גלייב דיר, אַז דו האָסט מיך ליב; נאָר הער:
איך האָב באַשטימט מײַן גורל צו פאַרבינדן
מיט גורל דײַנעם, דעם ניט זיכערן
און שטורמישן; איז האָב איך רעכט בײַ דיר
צו פאָדערן, דימיטרי, נאָר איין זאַך:
איך פאָדער, זאָלסט פאַר מיר פון האַרץ פון דײַנעם
איצט אויפדעקן די האָפנונגען געהיימע,
קאַוואָנעס דײַנע און אַפילע זאָרגן,
אַז האַנט בײַ האַנט מיט דיר כ׳זאָל קענען דרייסט
זיך לאָזן אינעם לעבן, ניט מיט בלינדקײַט
מיט קינדערשער, ניט ווי קיין קנעכט פון מאַנס
פאַרלאַנגען לײַכטע, ווי אַ שטומע קעפּסווײַב —
נאָר ווי אַ ווײַב דײַנע, וואָס איז דיך ווערט,
אַ מיטהעלפערן פון דעם מאָסקווער קייסער.

פאַלשנאָמיקער.

אָ, לאָז פאַרגעסן אַף אַ שאָ כאָטש איינער
די דײַגעס און דעם אומרו פון מײַן גורל!
פאַרגעס אַליין, אַז ס׳שטייט פאַר דיר אַ פּרינץ,
מאַרינאַ! זע אין מיר איצט אַ געליבטן,
וואָס דו האָסט אויסדערוויילט, אַ גליקלעכן

פון דײַנעם נאָר א בליק א אײנציקן.
הער אויס געבעט פון ליבע און לאָז אלץ
ארויסזאָגן, מיט וואָס דאָס הארץ איז פיל.

מארינע.

ס'איז ניט די צײַט איצט, פרינץ! דו קלײַבסט זיך לאנג —
און די געטרײַשאפט פון קלעוורעטן[1] דײַנע
דערווײַל ווערט אָפגעקילט פון שאָ צו שאָ,
די אלע שווערקײַטן און געפארן
אלץ שווערער ווערן און געפערלעכער.
עס טראָגן זיך שוין ניט קיין גלאטע קלאנגען,
און אײן נײַס שוין פארבײַט א נײַס א צווייטע,
און גאָדונאָוו נעמט אָנעט זײַנע מיטלען...

פאלשנאָמיקער.

וואָס גאָדונאָוו? צי האָט באָריס דען מאכט
אפ ליבע דײַנער, אפ מײַן אײנציק גליק?
ניין, ניין, איצט קוק איך גלײַכגילטיק אפ טראָן
אפ זײַנעם, אפ דער קײזערלעכער מאכט.
דײַן ליבע... וואָס איז מיר אָן איר דאָס לעבן,
דער גלאנץ פון רום, די רוסישע מעלוכע?
אין ווײַטן סטעפ, אין אָרם שטיבל — דו,
דו וועסט די קרוין פון קײסער מיר פארבײַטן.
דײַן ליבע...

מארינע.

שעמען מעגסט זיך; ניט פארגעס
דעם הויכן הייליקן באַרוף: פאר דיר
דארף זײַן דײַן הויכער ראנג פיל טײַערער
פון יעדער פרייד, פון יעדער גלוסט פון לעבן,

[1] קלעוורעטן — אָנהענגער.



דו קענסט אים ניט מיט גאָרנישט ניט פארגלײַכן.
ניט קיין צעהיצטן יִינגלינג, וועלכער איז
געפאנגען אומזיניק פון שיינקײַט מײַנער,
זאָלסט ווּיסן: כ'גיב מײַן האנט אָפ פײַערלעך
דעם יורש פונעם מאָסקווער טראָן, דעם פרינץ,
וואָס ניצל איז געוואָרן פונעם טויט.

פאלשנאָמיקער.

ניט פײַניק מיך, מארינע וווּנדערלעכע,
ניט זאָג, אז אויסדערווײלט האָסטו מײַן ראנג,
ניט מיך. מארינע טײַערע, דו ווייסט ניט,
ווי טיף דו שנײַדסט מײַן הארץ, ווי ווײ דו טוסט מיר.
וואָס! טאָמער גאָר... אָ, צווייפל שרעקלעכער!
זאָג: ווען ס'וואָלט ניט קיין קײזערלעך געבורט
מײַן בלינדער גורל מיר באַשטימט; ווען כ'וואָלט
געוועזן ניט יאָאַנס א זון, ניט יענץ
שוין פון דער גאנצער וועלט פארגעסן יִינגל:
איז דאן... איז דאן וואָלסטו מיך ליב געהאט?

מארינע.

דימיטרי, קענסט קיין אנדערער ניט זײַן גאָר,
קיין אנדערן האָב איך קיין רעכט ניט ליבן.

פאלשנאָמיקער.

ניין! אויס: איך וויל ניט מיט א מעס זײַן שוטפעס
אין א געליבטער, וואָס געהער צו אים.
ניין, שוין! גענוג זיך צו פארשטעלן! כ'וועל
דעם גאנצן עמעס זאָגן: זײַ זשע ווּיסן,
ס'איז דײַן דימיטרי לאנג שוין אומגעקומען,
באַגראָבן — און וועט לעבעדיק ניט ווערן;

און ווילסטו וויסן, ווער בין איך אזוינער?
איז ביטע, כ'וועל דיר זאָגן: כ'בין א מאָנאך
אן אָרעמער; אונטער מאָנאכן־הוט
איך האָב אין לאנגווייל פון מאָנאכישער
פארשלאָסנקייט באטראכט מיין דרייסטן פלאן,
געגרייט דער וועלט א וואונדער — און פון קעליע
אנטלאָפן ענדלעך כ'בין צו די אוקראינער
אין זייערע קורעניעס אין די ווילדע,
זיך אויסגעלערנט כ'האָב מיט פערד און שווערד
באגיין זיך, כ'בין צו אייך אהער געקומען;
זיך אָנגערופן דמיטרי, און איך האָב
די פוילן דאָ, די טיפשים, אָפּגענארט.
וואָס וועסטו זאָגן איצט, מארינע שטאָלצע?
צופרידן ביסטו מיט מיין אנערקענונג?
וואָס שווייגסטו?

מ א ר י נ ע.

אָ, א שאנד! אָ, וויי צו מיר!

(שווייגן).

פ א ל ש נ אָ מ י ק ע ר (שטיל).

צו וואָס דער אויסברוך פון פארדראָס האָט מיך
פארפירט! דאָס גליק, וואָס מיט אזוי פיל מי
פארשאפט, האָב איך צעשטערט, קען זיין, אף אייביק.
אָ, אומזיניקער, וואָס האָב איך געטאָן!
(אף א קאָל) כ'זע, כ'זע: פאר ליבע ניט קיין פירשטלעכער
דו שעמסט זיך, זאָג זשע מיר ארויס דאָס וואָרט
ס'באשערטע; ס'איצט אין דיינע הענט מיין גורל,
באשליס: איך ווארט. (ווארפט זיך אף די קני).



מ א ר י נ ע.

שטיי אוף, דו אָרעמער
פאלשנאָמיקער, צי מיינסטו ניט מיט קניען
פאר מיר, ווי בא א מיידעלע א שוואכס
און א פארגלייבטס, דאָס גייציק הארץ מיינס רירן?
דו האָסט א טאָעס, פריינט: בא מיינע פיס
געזען כ'האָב ריטערס, גראפן איידעלע,
נאָר זייערע געבעטן אָפּגעשטויסן
כ'האָב קאלט, — ניט אז אנטלאָפענעם מאָנאך...

פ א ל ש נ אָ מ י ק ע ר (שטייט אוף).

פאראכט ניט דעם פאלשנאָמיקן דעם יונגן;
אזא באהארצטקייט, מעגלעך, איז אין אים
פארבאָרגן, וואָס איז ווערט דעם מאָסקווער טראָן
און ווערט דיין האנט, דעם שאצ דעם טייערסטן...

מ א ר י נ ע.

איז ווערט די שאנד־שטריק אף דער טליע. פרעכער!

פ א ל ש נ אָ מ י ק ע ר.

כ'בין שולדיק. א באצוווּנגענער פון גייווע,
גענארט כ'האָב גאָט, קייסאָרים, און געלייגט
איך האָב דער וועלט; ניט דו אָבער, מארינע,
האָסט רעכט מיך שטראָפן; כ'בין פאר דיר גערעכט.
ניין, נארן דיך כ'האָב ניט געקענט. געווען
ביסט מיר א הייליקייט א איינציקע,
און פאר אזוינער פעלשעווען כ'האָב ניט
געוואגט. ס'איז ליבע, ליבע אייפעריקע
און בלינדע, ליבע בלויז האָט מיך געצווּנגען
דיר אלץ ארויסזאָגן.

אָ, אומזיניקער,
מיט וואָס באַרימט ער זיך! ווער האָט געפאָדערט
דײַנ אנערקענונג? אויב געקענט האָסטו,
א שלעפער אָנ א נאָמענ, וווּנדערלעכ
צוויי פעלקער צו פארבלענדנ, שוינ געדארפט
וואָלסטו כאָטש ווערט זײַנ דײַנ דערפאָלג אונ זענ
באוואָרענען דײַנ שווינדל דעם געוואגטנ
מיט אײַנגעשפארטנ טיפנ סאָד אפ אייביק.
צי קענ איכ, זאָג, זיכ איבערגעבנ דיר,
צי קענ איכ, זאָג, פארגעסנדיק מײַנ אָפשטאם
אונ בושע מיידלשע, דעם גוירל מײַנעם
מיט דײַנעם צו באהעפטנ, ווענ דו זעלבסט
מיט אזא פראָסטקײַט, אזוי לײַכטזיניק
דײַנ שאנד אנטפלעקסט? ער האָט עס אויסגעפלוידערט
פאר מיר פונ ליבע! כ'וווּנדער זיכ, וואָס ביז איצט
פונ פרײַנטשאפט האָסטו פאר מײַנ פאָטער ס'הארצ
ניט אופגעדעקט, פונ פרייד — פאר אונדזער קעניג,
צי נאָכ אפילע פאר פאנ ווישנעוועצקי,
פונ פלײַסיקער געטרײַשאפט פונ א משאָרעס.

פ א ל ש נ אָ מ י ק ע ר.

איכ שווער דיר, דו אליינ האָסט פונ מײַנ הארצ
ארויספרעסנ געקענט די אנערקענונג.
איכ שווער דיר: קיינמאָל אונ אינ ערגעצ ניט,
ניט אפ א מאָלצײַט בא א קאָס פונ שיקרעס,
ניט אינ א פרײַנטלעכנ, פארטרויטנ שמועס,
אונ ניט אונטער א מעסער, ניט אינ אנגסטנ
פונ פײַניקונגענ שווערע — וועט דעם סאָד
דעם דאָזיקנ ניט אויסגעבנ מײַנ צונג.





דו שווערסט, איז, הייסט עס, דארפ איכ גלייבנ. אָ, איכ גלייב!
צי קענ מענ אָבער ניט דערוויסנ זיכ,
בא וואָס דו שווערסט? צי ניט בא גאָט, ווי'א פרומ,
פונ יעזויִטנ אופגענומענ קינד?
צי בא דער ערע, ווי אנ איידלער ריטער?
צי עפשער גאָר בא קייזערלעכנ וואָרט בלויז,
ווי ס'פאסט א קייסערס זונ? ניט ריכטיק? זאָג.

ד י מ י ט ר י (שטאָלצ).

פונ קייווער האָט דער שאָטנ פונ יאָאַנענ
מיכ פאר זײַנ זונ, פאר דמיטריִענ דערקלערט;
באפוילנ — זײַנענ פעלקער אופגעשטאנענ,
באָריסנ פאר א קאָרבנ מיר באשערט.
איכ בינ א פרינצ. גענוג, מיר שטייט ניט אָנ,
אז איכ זאָל פאר א שטאָלצער פוילישקע
דערנידעריקנ זיכ. אדיע — אפ אייביק.
די שפיל פונ די מילכאָמעס בלוטיקע,
די גרויסע זאָרגנ פונ דעם גוירל מײַנעם
פארטויבנ וועלנ, כ'האָפ, די פײַנ פונ ליבע.
אָ, ווי כ'וועל אָנהייבנ דיכ פײַנט צו האָבנ,
ווענ איבערגיינ וועט פונ דער ליידנשאפט
די היצ די שענדלעכע! אונ איצטערט גיי איכ —
א אומקומ צי א קרוינ דערוואַרט מײַנ קאָפ
אינ רוסלאנד. צי אינ שלאכט אינ אָרנטלעכנ
דעם טויט וועל איכ געפינענ ווי א קריגער,
צי אפנ עשאפאָט ווי א פארברעכער, —
וועסטו מיר קיינ באגלייטערנ ניט זײַנ;
דעם מאזל מײַנעם וועסט מיט מיר ניט טיילנ,

ס׳קענ זײַנ אָבער, אז נאָכדעמ זאָל דיר באנק טאָנ
דער גורל, ווענכנ דו האָסט אָפּגעשטויסנ.

מארינע.

אונ אויב איכ וועל דײַנ כוצפּעדיקנ שווינדל
פּאר אלעמענ באצײַטנס אופּדעקנ?

פּאלשנאָמיקער.

צי מיינסטו ניט, אז איכ האָב פאר דיר מוירע?
אז מ׳וועט א פּויליש מיידל בעסער גלייבנ,
איידער א פּרינצ א רוסישנ? נאָר ווייס,
אז ניט דער קיניג, ניט דער פּויפּסט אונ ניט
די הארנ — זיי טראכטנ ניט, צי כ׳זאָג אנ עמעס.
צי דמיטרי כ׳בינ, צי ניט — וואָס ארט זיי עס?
נאָר כ׳בינ א סיבע פאר מאכלויקעסנ
אונ פאר מילכאָמע; דאָס נאָר דארפנ זיי.
אונ דיכ, בונטארקע, גלייב, זיי וועלנ צווינגענ
דיכ שווײַגנ. זײַ געזונט.

מארינע.

וואַרט אופ, פּרינצ. ענדלעכ
א מאנצבל הער איכ רעדנ, ניט קיינ ייִנגל.
דאָס בעט מיכ מיט דיר איבער, פירשט. דײַנ אויסברוכ
דעמ אומזיניקנ איכ פארגעס, אונ ווידער
דימיטריִענ איכ זע. נאָר — הער מיכ אויס:
שוינ צײַט, שוינ צײַט! דערוואכ, ניט זאמ זיכ מער,
אונ גיכער שוינ אפּ מאָסקווע פיר די פּאָלקנ,
דעמ קרעמל רייניק אָפּ, דעמ מאָסקווער טראָנ
פארנעמ — דאנ שיק נאָכ מיר א כאס׳נע־שליִעכ;
נאָר — ס׳גאָט אנ איידעס — ביז סע וועט דײַנ פוס



ניט אָנשפּארנ זיכ אָנ די טרעפּ פונ טראָנ,
ביז ניט ארָאפּגעשטירצט האָסט גאָדונאָוונ,
וועל איכ קיינ ליבע־רייד פונ דיר ניט הערנ.
(גייט אוועק).

פּאלשנאָמיקער.

ניינ — גרינגער איז מיר צו מילכאָמע האלטנ
מיט גאָדונאָוונ, אָדער קליגלענ זיכ
מיט יעזויִטנ, איידער מיט א פרוי —
האָב זיי דער שווארצער יאָר; ניטאָ קיינ קויעכ;
זי פּלאָנטערט אונ זי דרייט זיכ אונ זי קריכט,
זי גליטשט זיכ פונ די הענט אונ צישעט, דראָט
אונ בײַסט. א שלאנג! א שלאנג! — כ׳האָב ניט אומזיסט
געציטערט, שיר ניט אומגעבראכט האָט זי מיכ.
נאָר ס׳איז באשטימט: כ׳ריכט מאָרגנ אויס מײַנ כײַעל.

## די ליטווישע גרענעצ.

(1604, 16 אָקטיאבער).

פירשט קורבסקי אונ דער פּאלשנאָמיקער.ביידע רײַטנדיק.
די פּאָלקנ דערנעענטערנ זיכ צו דער גרענעצ.

קורבסקי (רײַט צו דער ערשטער).

אָט, אָט איז זי! די גרענעצ רוסישע!
אָ, הייליק רוסלאנד, פאָטערלאנד! כ׳בינ דײַנער!
דעמ פרעמדנ שטויב איכ טרייסל מיט פאראכטונג
פונ מײַנע קליידער אָפּ, אונ דאָרשטיק טרינק איכ
די נײַע לופט: זי איז מיר אייגנ!.. איצט
וועט דײַנ נעשאָמע, פאָטער מײַנער, שוינ
זיכ טרייסטנ, אונ דערפרייענ וועלנ זיכ
די ביינער דײַנע די פארשטויסענע

אין קיִיוער! אונדזער ירושע־שווערד האָט ווידער
א בליץ געטאָן, די שווערד די רומפולע,
די שרעק פון טונקעלן קאזאן, די שווערד
די דאָזיקע די ווילדע, וואָס געדינט
געטרײַ האָט צו די מאָסקעווער קייסאָרים!
אף מאָלצײַט אייגענעם א הוליע טאָן
זי וועט איצט פאר איר האָפענונג דעם קייסער.

פאלשנאָמיקער (פאָרט שטיל מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ).

ווי גליקלעך ער איז! ווי זײַן ריינע זעל
האָט זיך צעשפּילט אין אים מיט פרייד און רום!
אָ, ריטער מײַנער! איך בין דיר מעקאנע.
אָ, זון פון קורבסקין, אין דער פרעמד דערצויגן,
די אומרעכטן פארגעסן, וואָס דער פאָטער
איז אויסגעשטאנען, נאָכן טויט זײַן שולד
איצט אויסגעקויפט, דו גרייטסט זיך פאר יאָאנס
א זון דײַן בלוט פארגיסן; אומקערן
דעם קייסער דעם געזעצלעכן צוריק
דעם פאָטערלאנד ווערסטו... דו ביסט גערעכט,
די זעל דײַנע דארף פלאקערן פון סימכע.

קורבסקי.

און דו! דען פרייט זיך ניט אויך דײַן געמיט?
אָט ז'אונדזער רוסלאנד; זי איז דײַנע, פרינצ.
דאָרט ווארט אף דיר דאָס הארצ פון דײַנע מענטשן,
דײַן מאָסקעווע, דײַן קרעמל, דײַן מעלוכע.

פאלשנאָמיקער.

ס'וועט רוסיש בלוט, אָ קורבסקי, זיך פארגיסן!
איר אופגעהויבן פארן קייסער דאָט



די שווערד אײַערע, איר זײַט ריין, און איך,
אַז ברידער כ'פיר אײַך; ליטע אָנגעשיקט
אף רוסלאנד, און אף מאָסקעווע דער שענסטער
פאר סאָנים כ'ווײַז דעם וועג דעם הייליקן!..
נאָר ניט אף מיר די זינד מײַנע זאָל פאלן,
נאָר ס'זאָל אף דיר, באָריס, דו קייסער־מערדער!
פאָרויס!

קורבסקי.

פאָרויס! און ווײ צו גאָדונאָוון!
(זיי גאלאָפּירן. די פאָלקן גייען איבער די גרענעצ)

## קייזערלעכע דומע.

דער קייסער, דער פאטריארך אין די באָיארן.

דער קייסער.

איז מעגלעך? אן אנטלאָפענער מאָנאך
אף אונדז זאָל פירן ראָצכישע דרוזשינעס,
און וואגט אונדז שרײַבן דראָונגען! גענוג.
שוין צײַט אים אײַנעמען, דעם אומזיניקן!
דו, טרובעצקוי, און דו, באסמאנאָוו, פאָרט.
ס'איז נייטיק הילף פאר מײַנע פעלדהארן
געטרײַע. ס'איז באלאגערט פון די מוירדים
טשערניגאָוו. ראטעוועט די שטאָט און בירגער.

באסמאנאָוו.

אָ, קיניג, ס'וועט פון הײַנט קיין דרײַ כאדאָשים
ניט דורכגיין, און אנשוויגן ווערן וועט
דער שעם אפילע פון פאלשנאָריקן;
מיר וועלן אים אין מאָסקווע, רײ א כײַע

אַן אויסלענדישע, ברענגען אין אַ שטײַג
אַן אײַזערנער. איך שווער זיך דיר בײַ גאָט.

(ער גייט אוועק מיט טרובעצקויען).

## דער קייסער.

דער קיניג פון די שוועדן האָט דורך שליחים
אַ בונד מיר פֿאָרגעלייגט. מיר דאַרפֿן אָבער
קיין פרעמדע הילף ניט. ס'קריגער אייגענע
גענוג בײַ אונדז אַף בײַקומען דעם ליאַך
און די פאַרעטער. איך האָב אָפּגעזאָגט.
שטשעלקאַלאָוו! באַלד אַרויסשיקן באַפעלן
אין אַלע עקן, צו די פעלדהאַרן,
זיי זאָלן אַף די פערד זיך אויפזעצן
און, ווי אַמאָל, אַרויסשיקן אַף דינסט
זיי זאָלן מענטשן. און אַז ענלעך זאָל מען
אויך אין מאָנאַסטירן אָפּקלײַבן
די קירכע־דינער. פריִערדיקע יאָרן,
ווען ס'האָט דעם פאָטערלאַנד געדראָט אַן אומגליק,
דאַן פלעגן די מאָנאַכן גיין אין שלאַכט
אַליין. איצט אָבער ווילן מיר זיי ניט
באַאומרויִקן; זאָלן זיי פאַר אונדז
מתפּלל זײַן: אַזוי איז דער באַפעל
פון קייסער, דער באַשלוס פון די באָיאַרן.
און איצט אַ פראַגע וועלן מיר דערלייזן
אַ וויכטיקע: איר ווייסט, אַז אומעטום
צעיאָגט האָט דער פאַלשנאָמיקער דער פרעכער
פאַרעטערישע קלאַנגען: זײַנע בריוו,
צעשיקטע אומעטום, פאַרזייט האָבן
פאַרדאַכט און אומרו; ס'גייט אַף פלעצער אום
אַ מוירדיש מורמלען. די געמיטער זידן...



מע דאַרף זיי אָפּקילן; איך וואָלט געוואָלט
פאַרכאַפּן, אויסמײַדן מ'זאָל קעפּונגען.
נאָר וויִאַזוי, מיט וואָס? לאָמיר באַשליסן.
דו ביסט דער ערשטער, פאָטער הייליקער,
איז זאָג אַרויס אונדז דײַן געדאַנק.

## פּאַטריִאַרך.

געלויבט
זאָל זײַן דער אייבערשטער, וואָס האָט דעם גײַסט
פון לײַטזעליקײַט און אָניוועסדיקן
געדולד אַרײַנגעגעבן אין דײַן האַרץ,
אָ, גרויסער קייסער; ווילסט ניט אין דעם אומקום
פון זינדיקן. נאָר שטיל דו וואַרטסט, זײַן בלאָנדזשען
זאָל דורכגיין—עס וועט דורכגיין, און די זון
פון אייביקער גערעכטיקײַט באַשײַנען
וועט אַלעמען.
דײַן גאָטבעטער געטרײַער,
אין וועלט־איניאָנים ניט קיין קלוגער ריכטער,
דערוועגט זיך זײַן געדאַנק דיר אויפצוגעבן;
דער זון פון טײַוול, אַ פאַרשאָלטענער
מאָנאַך אַרויסגעטריבענער, געקענט
באַקומען האָט אין פאָלק אַ שעם אַלס דמיטרי;
און מיט דעם נאָמען פונעם פרינץ האָט ער,
ווי מיט אַ ריאַסע אַ געגאַנוועטער,
זיך אײַנגעהילט. נאָר מ'דאַרף זי נאָר צערײַסן,
און ער'ט אַליין זיך שעמען פאַר זײַן הוילקײַט.
ס'האָט גאָט אַליין אונדז צוגעשיקט אַ מיטל.
זײַ וויסן, קיניג: שוין זעקס יאָר אין דעם,
אין זעלבן יאָר, ווען גאָט האָט דיך געבענטשט,
אַף מלוכע קייסערשער, איז אָוונט־צײַט

צו מיר אריַין אמאָל א פראָסטער פאסטעך,
א זאָקן שוין, א כאָשעווער, און האָט
א סאָד א וווּנדערלעכן מיר דערציילט:
„כ'בין קינדווייַז, זאָגט ער מיר, געוואָרן בלינד
„און כ'האָב פון יענער צייַט שוין ניט געוווּסט
„ניט טאָג, ניט נאכט, ביז טיפער עלטער: כ'האָב
„אומזיסט מיט קרייַטער און מיט אָפּשפרעכונג
„געהיימער זיך געהיילט; אומזיסט געגאנ
„בין איך אין מאָנאסטירן צו באַלמאָפּסים
„צו גרויסע; און איך האָב אומזיסט געשפריצט
„מיט הייל־וואסער פון ברונעמס הייליקע
„די אויגן מייַנע פינצטערע. — ס'האָט גאָט
„מיר קיין רעפוּע ניט געשיקט. און ענדלעך
„האָב איך די האָפענונג שוין אָנגעוואָרן
„און כ'האָב זיך צוגעווינט צו פינצטערניש
„צו מייַנער. ס'פלעג צו כאָלעמ מיר אפילע
„קיין זאכן קיין געזעענע ניט קומען,
„און ס'פלעגן מיר זיך כאָלעמען בלויז קלאנגען.
„איינמאָל אין טיפן שלאָף איך הער, א קאָל
„א קינדערש זאָגט מיר: „זיידעניו, שטיי אוף,
„און גיי אין אוגליטש־שטאָט, אין קאטעדראל
„פרעאָבראזשעניער; דאָרטן אף מייַן קייווער
„טו טפילע, גאָט איז א דערבארעמדיקער —
„און איך וועל דיר פארגעבן דייַנע זינד".
„נאָר דו ווער ביסט?" — האָב איך געפרעגט די שטים
„די קינדערשע. — „דער פרינץ בין איך, דימיטרי.
„דער קייסער הימלישער מיך אופגענומען
„האָט אין די קיטעס פון מאלאָכים זייַנע,
„און איצטערט א באַלמויפעס כ'בין א גרויסער!
„גיי, אלטער". - כ'האָב זיך אופגעכאפּט און טראכט:



„איז וואָס? קען זייַן, אז אף אן עמעס טאקע
„א שפעטע היילונג שענקט מיר גאָט. כ'וועל גיין —
„און איך האָב זיך געלאָזט אין וויַיטן וועג.
„אָט האָב איך אוגליטש שוין דערגרייכט. איך בין
„אין קאטעדראל אין הייליקן אריַין
„און הער די מיטיק־טפילע. זיך דערוואַרעמט
„האָט מייַן געטרייַ געמיט, און אזוי זיס
„האָב איך געוויינט, ווי ס'וואָלט פון מייַנע אויגן
„די בלינדקייַט מיט די טרערן אויסגערונען.
„ווען אָנגעהויבן האָט דאָס פאָלק ארויסגיין,
„האָב איך מייַן איינִיקל געזאָגט: „איוואן,
„פיר מיך אף פרינץ דימיטריס קייווער". און ס'ייִנגל
„האָט מיך געפירט — און ווי נאָר פארן קייווער
„איך האָב א שטילע טפילע אָפּגעזאָגט,
„געוואָרן זייַנען ליכטיק מייַנע אויגן:
„איך האָב דערזען גאָטס וועלט, דאָס איינִיקל,
„און ס'קייווערל". אָט, קיניג, וואָס דער אלטער
האָט מיר דערציילט.

(אלגעמיינע פארלאָרנקייַט. אין מעשעך פון דער דאָזיקער רעדע ווישט עטלעכע מאָל אָפּ באָריס מיט א טיכעלע דאָס פּאָנעם).

איך האָב אומיסטן דאן
געשיקט אין אוגליטש, און ס'דערוווּסט געוואָרן,
אז ס'האָבן שוין אן אויסלייזונג דערוואָרבן
פיל לייַדנדיקע בא דימיטריס קייווער.
איז אָט מייַן אייצע: מ'זאָל די הייליקע
רעליקוויע אין קרעמל איבערטראָגן,
אין קאטעדראל ארכאנגעלישן זי
אוועקשטעלן; וועט ס'פאָלק דערזען דאן קלאָר
דעם שווינדל פון דעם אפיקאָרסישן

פארברעכער, און די מאכט פ׳נ די ניט־גוטע
וועט דאנ, אזויווי אש, פארשווינדנ ווערנ.

(אלע שווײַגנ).

פירשט שויסקי.

אָ, פאָטער הייליקער, ווער ווייסט די וועגנ
פונ אייבערשטנ? ניט מיר געגעבנ איז
אימ מישפּעטנ... ער האָט געקענט א שלאָפּ
א אומפארלענדלעכנ, געקענט א קראפט
א מאָפּסישע דעמ קינדערשנ געביינ
צו געבנ. נאָר די רייד פונ פאָלק איז נייטיק
מ׳זאָל פלײַסיק און אָנ פּניִעס אויספאָרשנ.
נאָר אינ מעהומע־צײַטנ שטורמדיקע
איז מעגלעכ דענ פונ אזא גרויסער זאכ
צו טראכטנ? צי וועט מענ אפ אונדז ניט זאָגנ,
אז כוצפּעדיק א הייליקײַט מיר מאכנ
פאר א געווער אינ זאכנ וועלטלעכע?
אזוי שוינ אויכ זיכ וואקלט אומזיניק
דאָס פאָלק, ס׳איז ריידעניש טומלדיקע
פאראנ אזוי שוינ אויכ גענוג. ס׳ניט איצט
די צײַט צו אופרודערנ מענטשלעכע
נעשאָמעס מיט אזא מינ וויכטיקער
און אומגעריכטער נײַס. איכ זע אליינ:
די קלאנגענ, וואָס פארשפרייט האָט דער פארברעכער,
דארפ מענ פארניכטנ. אָבער צוליב דעמ
פאראנ איז מיטלענ אנדערע און פּראָסטער.
אזוי, אויב, קיניג, וועסט באוויליקנ,
וועל איכ אליינ ארויסגיינ אפנ פאָלקס־פּלאצ,
כ׳וועל אײַנרעדנ, כ׳וועל אויסשטראָפנ דעמ אומזינ
און אופדעקנ דעמ שלעפערס בייזנ שווינדל.



דער קייסער.

זאָל זײַנ אזוי! אָ, הייל׳קער פאטריִארכ,
איכ בעט דיכ, קומ ארײַנ צו מיר אינ פּאלאצ:
איכ נייטיק זיכ הײַנט זייער אינ דײַנ שמועס.

(ער גייט אוועק, נאָכ אימ די באָיארנ אויכ).

איינ באָיארינ (שטיל דעמ צווייטנ).

דו האָסט באמערקט, ווי ס׳איז דער קייסער בלאס
געוואָרנ, און ווי ס׳האָבנ טראָפּנס שווייס
געטריפט בא אימ פונ פּאָנעמ?

צווייטער.

ניט דערוועגט
האָב איכ זיכ, איכ בינ מוידע, אופהייבנ
די אויגנ, ניט דערוועגט זיכ אָטעמענ,
ניט נאָר א ריר צו טאָנ זיכ.

ערשטער.

האָט פירשט שויסקי
ארויסגעראטעוועט. ער איז א מענטש.

## א פלאכלאנד לעבנ נאָווגאָראָד־סעווערסקי.

(1604 יאָר, 21 דעקאבער).

שלאכט.

קריגער (לויפנ אינ אומאָרדענונג).

א צאָרע! א צאָרע! דער פרינצ! די ליאכנ! אָט זײַנענ
זיי! אָט זײַנענ זיי!

(עס גייענ ארײַנ די קאפּיטאנענ מארזשערעט און וואלטער ראָזענ).

מארזשערעט.

וווהין, וווהין? allons[1]... אוועק צוריק!

איינער פון די אנטלאָפענע.

אליין אוועק, אויב ס'גלוסט זיך דיר, פארשאָלטענער באַ־סורמאן!

מארזשערעט.

Quoi? quoi? [2]

צווייטער.

קווא, קווא! דיר, זשאבע אויסלענדישע, איז ליב צו קוואקען אף א רוסישן פרינץ; אָבער מיר זיַינען דאָך פראוואָסלאוונע.

מארזשערעט.

Qu'est-ce à dire *pravoslavni*?.. Sacrés gueux, maudite canaille! Mordieu, mein Herr, j'enrage: on dirait que ça n'a pas de bras pour frapper, ça n'a que des jambes pour foutre le camp[3].

וו. ראָזען.

Es ist Schande[4].

---

1 נו?

2 וואָס? וואָס? רעדט זיך ארויס אף פראנצויזיש: קווא, קווא.

3 וואָס הייסט עס „פראוואָסלאוונע“? וויסטע שלעפערס, פארפלוכטע קאנא־ליעס! איך שווער זיך, מיַין הער, איך בין אויסער זיך פון קאס. מ'קען זאָגן, אז זיי האָבן ניט קיין הענט אף זיך שלאָגן, זיי האָבן נאָר פיס אף צו אנטלויפן.

4 ס'א שאנד.



מארזשערעט.

Ventre-saint-gris! Je ne bouge plus d'un pas—puisque le vin est tiré, il faut le boire. Qu'en dites vous, mein Herr? [1]

וו. ראָזען.

Sie haben recht[2].

מארזשערעט.

Tudieu, il y fait chaud! Ce diable de Samosvanetz, comme ils l'appellent, est un bougre qui a du poil au cul. Qu'en pensez vous, mein Herr[3].

וו. ראָזען.

Oh, ja! [4]

מארזשערעט.

Hé! voyez donc, voyez donc! L'action s'engage sur les derrières de l'ennemi. Ce doit être le brave Basmanoff qui aurait fait une sortie[5]?

---

1 צו אלדע רוכעס! כ'וועל אף קיין טראָט זיך ניט א ריר טאָן — האָט מיַין אָנגעהויבן, דארף מען ענדיקן. וואָס וועט איר זאָגן, מיַין הער?

2 איר זיַינט גערעכט.

3 דער שווארצער יאָר, ס'ווערט הייס! אָט דער טיַיוול, דער פאלשנאָמיקער, ווי ער הייסט דאָרטן, איז א כעוורעמאן מיט האָר אפן הינטן. ווי מיינט איר, מיַין הער?

4 יאָ, יאָ.

5 היי, זעט נאָר, זעט נאָר! ס'פארנעמט זיך א שלאכט אין רוקן בא דעם סוינע. דאָס האָט זיכער א קלאפ געטאָן דער בראווער באסמאנאָוו.

וו. ראָזען.

Ich glaube das [1].

(עס גייען אריַין דיַיטשן).

מארזשערעט.

Ha, ha! voici nos Allemands.—Messieurs!.. Mein Herr, dites leur donc de se rallier et, sacrebleu, chargeons! [2]

וו. ראָזען.

Sehr gut. Halt! [3]

(די דיַיטשן שטעלן זיך אויס).

Marsch! [4]

די דיַיטשן.

Hilf Gott! [5]

(שלאכט. די רוסישע אנטלויפן ווידער).

די ליאכן.

זיג! זיג! רום דעם פרינץ דימיטרי!

דימיטרי (ריַיטנדיק).

צוריקצוג שאלן! מיר האָבן געזיגט. גענוג! שאנעוועט רו־סיש בלוט. צוריקצוג!

(מע שאלט. עס קלאפן די פויקן).

---

1 איך גלייב, אז ס'איז אזוי.

2 אהא! אָט זיַינען אונדזערע דיַיטשן.—מעסיע!.. מיַין הער, הייסט זיי, זיי זאָלן זיך אויסשטעלן, און לאָמיר, דער רועך זאָל דאָס נעמען, אטאקירן.

3 זייער גוט, שטיי!

4 מארש!

5 זאָל גאָט העלפן!



דער פלאץ פארן קאטעדראל אין מאָסקווע.

דאָס פאָלק.

איינער.

שוין גיך וועט דער קייסער ארויסגיין פון קאטעדראל?

צווייטער.

די מיטיק־טפילע האָט זיך געענדיקט; איצט גייט א גאָטעס־דינסט.

ערשטער.

וואָס? מ'האָט שוין פארשאָלטן יענעם?

צווייטער.

איך בין געשטאנען אין פאָליש, און כ'האָב געהערט, ווי דער קלויסטער־דיאק האָט א גוואלדעווע געטאָן: גרישקע אָטרעפיעוו אין כיירעם!

ערשטער.

זאָלן זיי פארשעלטן. דער פרינץ האָט קיין שום שייַכעס ניט צו אָטרעפיעוון.

צווייטער.

און דעם פרינץ זינגט מען איצט א האוקאָרע.

ערשטער.

א האוקאָרע א לעבעדיקן! אוי, וועלן זיי האָבן דערפאר, אפי־קאָרסים!

דריטער.

ווארט נאָר! א ראש. ס'איז ניט דער קייסער?

### פערטער.

ניין, ס׳איז דער כושעם[1].

(ס׳גייט אריַין דער כושעם אין אן איַיזערנעם היטל, באהאנגען מיט קייטן, ארומגערינגלט מיט ייִנגלעך).

### די ייִנגלעך.

ניקאָלקא, ניקאָלקא, איַיזערנער קאָלפּעק!.. טררררר...

### אלטע פרוי.

טשעפּעט זיך אָפּ, רוכלעך, פון דעם זעליקן. — בעט גאָט, ניקאָלקע, פאר מיר זינדיקן.

### דער כושעם.

גיב, גיב, גיב א קאָפּיקע.

### די אלטע.

נא דיר א קאָפּיקע; זאָלסטו זשע בעטן פאר מיר.

### דער כושעם (זעצט זיך אפּ דער ערד און זינגט).

די לעוואָנע פאָרט,
דאָס קעצל וויינט;
שטיי אוף, כושעם,
צו גאָט בעטן.

(די ייִנגלעך רינגלען אים ווידער ארום).

### איינער פון זיי.

גוט מאָרגן דיר, ניקאָלקע; פארוואָס זשע נעמסטו דאָס היטל ניט אראָפּ? (ער שנעלט אים אין דעם איַיזערנעם היטל) אָהאָ, ווי סע קלינגט!

1 כושעם (юродивый) — א דולער, א מעשוגענער, וואָס מאכט געוויינלעך פרומע שטיק. באם אבערגלויבערישן אוילעם האָט מען געוויינלעך געהאלטן אזוינע פאר הייליקע און געטלעכע מענטשן.



### דער כושעם.

און איך האָב א קאָפּיקע.

### דאָס ייִנגל.

ס׳א ליגן! נו, באוויַיז.

(רייַסט בא אים ארויס די קאָפּיקע און אנטלויפט).

### דער כושעם (וויינט).

מ׳האָט צוגענומען מיַין קאָפּיקע, מע באליידיקט ניקאָלקען.

### דאָס פאָלק.

דער קייסער, דער קייסער גייט.

(דער קייסער גייט ארויס פון קאטעדראל. א באָיארין גייט פאר אים און טיילט נעדאָוועס די אָרעמעלייַט. באָיארן).

### דער כושעם.

באָריס! באָריס! די קינדער באליידיקן ניקאָלקען.

### קייסער.

זאָל מען אים געבן א נעדאָווע. פארוואָס וויינט ער?

### דער כושעם.

ניקאָלקען באליידיקן קליינינקע קינדער... הייס, מע זאָל זיי קוילען, אזויווי דו האָסט געקוילעט דעם קליינינקן פּרינץ.

### באָיארן.

אוועק פונדאנען, מעשוגענער! כאפּט אים, דעם מעשוגענעם!

### קייסער.

לאָזט אים צורו. בעט גאָט פאר מיר, אָרעמער ניקאָלקע.

(גייט אוועק).

כושעם (שרײַט אים נאָכ).

ניין, ניין! מ'טאָר ניט גאָט בעטנ פאר איראָדנ[1] דעם קייסער.
די גאָטעסמוטער הייסט ניט.

## סעווסק.

דער פאלשנאָמיקער, ארומגערינגלט פונ די זײַניקעס.

פאלשנאָמיקער.

ווו ז'דער געפאנגענער?

ליאכ.

ער ז'דאָ.

פאלשנאָמיקער.

צו מיר
ארײַנרופנ.

(ס'גייט ארײַנ א רוסישער געפאנגענער).

ווער ביסטו?

געפאנגענער.

כ'בינ ראָזשנאָוו,
א מאָסקווער אדעליקער.

פאלשנאָמיקער.

ביסט שוינ לאנג
אינ דינסט?

1 איראָד, אפ יידיש הורדעס — קייסער פונ די יידנ (I י. ה.). לויט דער קריסטלעכער לעגענדע, האָט ער געהייסנ אויסהארגענענ אלע קינדער פונ דער שטאָט בייסלעכעמ, נאָכ דעמ, ווי די שטערנזעער האָבנ אימ געזאָגט, אז דאָרט איז געבוירנ געוואָרנ א קינד, וואָס וועט זײַנ דער קייסער פונ די יידנ.



געפאנגענער.

א כוידעש שוינ.

פאלשנאָמיקער.

אונ שעמסט זיכ ניט,
ראָזשנאָוו, צו אופהייבנ אפ מיר די שווערד?

געפאנגענער.

וואָס קענ מענ טאָנ, ס'דערבײַ ניט אונדוער ווילנ.

פאלשנאָמיקער.

האָסט אונטער סעווערסק זיכ געשלאָגנ?

געפאנגענער.

כ'בינ
א וואָכנ צוויי שוינ נאָכנ שלאכט געקומענ
פונ מאָסקווע.

פאלשנאָמיקער.

גאָדונאָוו וואָס מאכט?

געפאנגענער.

געווענ
צערודערט שטארק פונ שלאכט פארלאָרענעמ
אונ פונ מסטיסלאווסקיס ווונד, אונ ער האָט שויסקינ
געשיקט צו אָנפירנ דאָס מיליטער.

פאלשנאָמיקער.

פארוואָס האָט ער קיינ מאָסקווע אָפּגערופנ
באסמאנאָוונ?

געפאנגענער.

דער קייסער האָט באַלוינט
מיט קאָוועד און מיט גאָלד זײַנע פארדינסטן.
אין דומע קייסערשער זיצט איצט באסמאנאָוו.

פאלשנאָמיקער.

אין מיליטער איז ער געגוויטיקער
געווען. נו, און אין מאָסקווע וואָס הערט זיך?

געפאנגענער.

ס'איז אלץ, א דאנק גאָט, שטיל.

פאלשנאָמיקער.

וואָס? מ'ווארט אפ מיר?

געפאנגענער.

איינ גאָט ווייסט. וועגן דיר ניט זייער וואגט מען
צו רעדן דאָרט. דעם שנײַדט מען אָפ די צונג,
אן אנדערן דעם קאָפּ אפילע. אָט —
אזוינע גליקן! יעדער טאָג א קעפּונג,
די תּורמעס פול און פול. און אפ א פלאצ
אז ס'קומען זיך צונויפ א מענטשן דרײַ,
באלד דרייט זיך שוין ארום אן אויסקוקער,
אליין דער קייסער פרעגט די מאָסרים אויס
אין פרײַער צײַט. באהיט גאָט פון אן אומגליק;
איז בעסער שווײַגן.



פאלשנאָמיקער.

מ'מעג מעקאנע זײַן
די מענטשן פון באָריסן, ווי זיי לעבן!
און ס'מיליטער וו'אזוי?

געפאנגענער.

וו'אזוי זאָל זײַן?
ס'איז אָנגעטאָן און זאט, מיט אלץ צופרידן.

פאלשנאָמיקער.

און ס'איז פאראן א סאך?

געפאנגענער.

איינ גאָט אליינ ווייסט.

פאלשנאָמיקער.

א טויזנט דרײַסיק מיליטער וועט זײַן?

געפאנגענער.

ס'וועט אָנעמען זיך פופציק טויזנט אויך.
(דער פאלשנאָמיקער פארטראכט זיך. די ארומיקע קוקן איינס אפן אנדערן).

פאלשנאָמיקער.

נו, וועגן מיר וואָס רעדט מען דאָרט בא אײַך?

געפאנגענער.

מע רעדט וועגן דײַן גנעדיקײַט, אז דו,
אזוי צו זאָגן (נעם ניט אָן פאר אימגוט),
כאָטש ביסט א גאנעוו, נאָר א בראַווער יונג.

פאלשנאָמיקער (לאכנדיק).

וועל איך עס טאקע אפ אנ עמעס זיי
דערוויַזנ: מיר וועלנ ניטווארטנ דאָ
אפ שויסקינ; פריַינט מיַינע, איך גראטוליר איַיך:
דער שלאכט איז מאָרגנ. (ער גייט אוועק).

אלע.

לעבנ זאָל דימיטרי!

ליאכ.

דער שלאכט איז מאָרגנ! זיי—א פופציק טויזנט,
אונ מיר אינגאנצנ קוים א טויזנט פופצנ.
ער איז פונ זינענ.

צווייטער.

ס'גאָרניט, פריַינט מיַינער:
עס קענ איינ פוילישער ארויסרופנ
אליינ א פינעפ הונדערט שטיק מאָסקוויטער.

געפאנגענער.

יאָ, וועסט ארויסרופנ! נאָר ווי ס'וועט קומענ
צו א געשלעג, וועסטו פונ איינעם נאָר
אנטלויפנ, דו בארימער.

ליאכ.

ווענ דו וואָלסט
א שווערד געהאט, געפאנגענער דו פרעכער,
וואָלט איך מיט דעם (באווייַזט אפ זיַינ שווערד) דיך
דענסמאָלט אָנגעלערנט.



געפאנגענער.

אונ אונדזער ברודער א רוסאק באגיינ זיך
קענ אָנ א שווערד: דאָס (באוויַיזט זיַינ פויסט)
ווילסטו ניט, דו טיפעש!
(דער ליאכ קוקט אפ אימ שטאָלצ, אונ שוויַיגנדיק גייט ער אָפ. אלע לאכנ).

## וואלד.

פסעוודאָדמיטרי, פושקינ.

אינדערוויַיטנס ליגט א פערד א פייגערנדיקס.

פאלשנאָמיקער.

מיַינ אָרעמ פערד! ווי מונטער היַינט געשפרונגענ
עס איז אינ לעצטנ שלאכט, אונ ווי געשווינד,
שוינ א פארווונדעטס, עס האָט מיך געטראָגנ.
מיַינ אָרעמ פערד.

פושקינ (צו זיך אליינ).

נו אָט, וואָס ס'טוט אימ באנק,
דאָס פערד! ווענ ס'אונדזער מיליטער אינגאנצנ
צעקלאפט אפ שטיקלעך!

פאלשנאָמיקער.

הער נאָר, ס'קענ דאָך זיַינ,
אז פונ דער ווונד איז עס פארמאטערט נאָר
אונ ס'וועט זיך אויסרוענ.

פושקינ.

ווער־וואָס! עס פייגערט.

**פאלשנאָמיקער** (גייט צו צו זײַן פערד).

מײַן אָרעם פערד!.. וואָס טוט מען? אָפּשפּיליען
דעם זאָטל־פּאַס, אַראָפּנעמען דאָס ציימל,
א פּרײַס זאָל עס קראַפּירן.

(ער צוימט אויף און זאָטלט אָפּ דאָס פערד. עס גייען אַרײַן עטלעכע ליאַכן).

מײַנע הערן,
א גוטער! וואָס זשע זע איך קורבסקין ניט
מיט אײַך? כ'האָב הײַנט געזען: אין סאַמע מיט
פון שלאַכט האָט ער אַרײַנגעשניטן זיך;
א יאַם מיט שווערדן האָבן אונדזער העלד
אַרומגעקלעפּט, ווי די צעוויגטע זאַנגען;
נאָר זײַן שווערד האָט זיך אויפגעהויבן העכער
פון אַלע, און זײַן פאָרכטיק קאָל פאַרטויבט
האָט אַל'מענס קוילעס. ווו זשע איז מײַן ריטער?

**ליאַך.**

ער איז געפאַלן אפן טויטן פעלד.

**פאלשנאָמיקער.**

א רום דעם העלד, און פריד צו זײַן נעשאָמע!
ווי ווינציק מיר זײַנען פון שלאַכט פאַרבליבן!
פאַררעטער! די מנוואָלים־זאַפּאָראָזשיער,
פאַרשאָלטענע! איר, איר האָט אומגעבראַכט אונדז.
ניט אויסהאַלטן דרײַ רעגעס ווידערשטאַנד!
כ'וועל זיי באַווײַזן שוין: כ'וועל אויפהענגען
דעם צענטן, ראָצכים!

**פּושקין.**

ווער ס'זאָל ניט זײַן שולדיק —
סײַווי מיר זײַנען פולשטענדיק צעקלאַפּט,
פאַרטיליקט.



**פאלשנאָמיקער.**

און ס'דאָך אונדזער שלאַכט געווען.
כ'האָב שוין געהאַט דעם פאָרנטיקן כײַעל
צעקלאַפּט, נאָר ס'האָבן אָפּ אַן אויפן אונדז
די דײַטשן אָפּגעשלאָגן, בראַווע כעוורע.
כ'האָב, אפן וואָרט, זיי ליב דערפאַר. פון זיי
וועל איך שוין אומבאַדינגט זיך אײַנשאַפן
אַן ערן־טייל.

**פּושקין.**

און ערגעץ נעכטיקן הײַנט
ווו וועלן מיר?

**פאלשנאָמיקער.**

אָט דאָ טאַקע אין וואַלד,
מיט וואָס איז עס א שלעכטער נאַכטלעגער?
קאַיאָר — אין וועג אַרײַן; צו מיטיק־צײַט
מיר וועלן זײַן אין רילסק. א גוטע נאַכט.

(ער לייגט זיך, לייגט אונטער דעם זאָטל אונטערן קאָפּ און ווערט אנשלאָפן).

**פּושקין.**

שלאָף, פרינץ, געזונט! אָפּ טעל צעקלאַפּט, מיט פלייטע
זיך קוים געראַטעוועט, און, ווי א קינד
א נאַריש — זאָרגלאָז. אים באַהיט, פאַרשטייט זיך,
די געטלעכע האַשגאָכע. און מיר אויך,
מיר וועלן, פרײַנט, ניט אָפּלאָזן די הענט.

# מאָסקווע. דעם קייסערס פּאַלאַץ.

באָריס, באַסמאַנאָוו.

קייסער.

ער איז באַזיגט, וואָס קומט דערפֿון אַרויס?
מיר זײַנען מיט אומזיסטן זיג באַקרוינט.
ער'ט ווידער זײַנע צעטריבענע מיליטער
צונויפֿגענומען, און פֿון ווענט פּוטיווליער
ער דראָט אונדז. און די העלדן אונדזערע
דערווײַל וואָס טוען? שטייען זיך באַ קראָם,
און ס'לאַכט זיי אויס אַ הײַפֿעלע קאָזאַקן
פֿון הינטער אַ צעפֿוילטן פּאַרקן דאָרט.
וואָס פֿאַר אַ רום! ניין, איך בין ניט צופֿרידן
מיט זיי. כ'וועל שיקן דיך אויף זיי צו שאַפֿן.
ניט אָפּשטאַם, נאָר פֿאַרשטאַנד אויסקלויבן
וועל איך פֿאַר פֿעלדהאַר. פֿאַרן ייִחוס־מינהג [1]
זאָל גײַווע זייערע זיך דײַגענען;
שוין צײַט מיר אָפּן מורמלען פֿון האַמויִן
דעם אדעליקן זיך ניט אומקוקן,
דעם מינהג דעם פֿאַרדערבלעכן פֿאַרניכטן.

באַסמאַנאָוו.

אַך, קייניג, הונדערט מאָל זאָל יענער טאָג
געבענטשט זײַן, ווען עס וועט די ראַנגען־ביכער [2]

---

1 ייִחוס־מינהג — די אָרדענונג צו באַשטימען אויף שטעלעס אין מאָ־סקווער רוסלאַנד ניט לויט די פֿייִקייטן, נאָר לויט דעם ייִחוס.

2 ראַנגען־ביכער — ביכער, וווּ מע פֿלעג פֿאַרשרײַבן די באַשטימונגען און די דינסטלעכע לאַגע פֿון די באָיאַרן און אַדעליקע.



מיט די מאַכלויקעס, מיט דער ייִחוס־גײַווע
דער פֿײַער אויפֿעסן!

קייסער.

ס'ניט ווײַט דער טאָג;
לאָז נאָר די אומרוען אין פֿאָלק אַפֿריִער
דערשטיקן.

באַסמאַנאָוו.

וואָס איז דאָ אויף אים צו קוקן;
דאָס פֿאָלק איז שטענדיק שטילערהייט געניגט
צו אומרוען: אַ פֿלינקער פֿערד אַזוי
זײַן צײַמל בײַסט: אַזוי איז אויפֿגעטראָגן
אַ ייִנגלינג אויף זײַן פֿאָטערס מאַכט; איז וואָס?
דער רײַטער רויִק קערעוועט זײַן פֿערד,
און ס'האָט אַ פֿאָטער אויף זײַן קינד צו שאַפֿן.

קייסער.

עס וואַרפֿט אַראָפּ אַמאָל אַ פֿערד זײַן רײַטער,
ניט אייביק איז אַ זון אין פֿאָטערס מאַכט.
מיט שטרענגקײַט בלויז מיט אומדערמידלעכער
מיר קענען אײַנהאַלטן דאָס פֿאָלק. אַזוי
געהאַלטן האָט יאָאַן, דער אײַנשטילער
פֿון שטורעמס, קלוגער זעלבסטהערשער, אַזוי אויך
האָט זײַן אַכזאָריש אייניקל געהאַלטן.
ניין, ס'פֿילט דאָס פֿאָלק ניט, ווען דו טוסט אים טויווס:

טו גוטס — וועט עס ניט זאָגן דיר קיין דאנק,
באַרויב און שטראָף — וועט ערגער דיר ניט זײַן.

(עס גייט אַרײַן א באָיאַרין).

וואָס ?

באָיאַרין.

מ'האָט געבראַכט די אויסלענדישע געסט.

קייסער.

איך גיי זיי אויפנעמען: באסמאנאָוו, וואַרט,
בלײַב דאָ; מיט דיר דאַרף איך נאָך עפּעס רעדן.

(גייט אוועק).

באסמאנאָוו.

א הויכער מאַלכעסדיקער גײַסט. זאָל גאָט
אים העלפן בײַצוקומען דעם פאַרפלוכטן
אָטרעפּיעוון, וועט ער א סאַך, א סאַך
נאָך גוטס אין רוסלאַנד שאַפן. ס'א געדאַנק
א גרויסער אויפגעקומען אין זײַן קאָפּ.
מ'דאַרף ניט דערלאָזן אים זיך אָפּצוקילן.
וואָס פאַר א פעלד עס וועט זיך עפענען
פאַר מיר, ווען ער וועט אָפּברעכן דעם האָרן
פון דעם באָיאַרנטום מעיוכעסדיקן!
צו זיך אין קריג קיין גלײַכן האָב איך ניט;



באַם קייסערס טראָן וועל איך דער ערשטער ווערן...
און מעגלעך... נאָר וואָס פאַר א מאָדנער ראַש ?
(א בעהאָלע. באָיאַרן, הויף־דינער לויפן אין אומאָרדענונג, באַגעגענען
און שעפּטשען זיך צווישן זיך).

איינער.

א דאָקטער!

צווייטער.

גיכער צו דעם פּאַטריאַרך!

דריטער.

דעם פּרינץ, דעם פּרינץ ער רופט!

פערטער.

דעם ווידע־גאַלעך!

באסמאנאָוו.

וואָס האָט אַזוינס געטראָפן?

פינפטער.

ס'איז דעם קייסער
געוואָרן שלעכט.

זעקסטער.

דער קייסער שטאַרבט.

באסמאנאָוו.

אָ, גאָט!

### פינפטער.

ער איז געזעסן אפן טראָן, און פּלוצלינג
איז ער געפאלן; ס'האָט זיך בלוט געלאָזן
בא אים פון מויל און פון די אויערן.

(דעם קייסער טראָגט מען ארויס אפּ א שטול. די גאנצע
קייזערלעכע מישפּאָכע, אלע באַיארן).

### קייסער.

איר אלע גייט אוועק — לאָזט נאָר דעם פּרינץ
מיט מיר.

(אלע דערווײַטערן זיך).

איך שטארב, קום זיך ארומנעמען.
פארבלייַב געזונט, מייַן זון; וועסט אָנהייבן
באלד קיניגן... אָ גאָט, אָ גאָט, באלד קומען
וועל איך פאר דיר — און די נעשאָמע מייַנע
מיט טשוווע אָפּרייניקן כ'האָב קיין צייַט ניט.
נאָר כ'פּיל, מייַן זון, ביסט טייַערער פאר מיר
פון נשאָמע־אויסלייזונג... זאָל זייַן אזוי!
אן אונטערטאן געבוירן, וואָלט איך שטארבן
געדארפט אין טונקלעניש אן אונטערטאן;
נאָר כ'האָב דערגרייכט די העכסטע מאכט — מיט וואָס?
ניט פרעג. גענוג: אָ, דו ביסט אומשולדיק.
וועסט אָנהייבן מיט רעכט איצט קיניגן,
און איך אליין וועל ענטפערן פאר גאָט.
זאָלסט, ליבער זון, ניט אָפּנארן זיך פאלש,
זיך ניט פארבלענדן זאָלסט מיט גוטן ווילן:
נעמסט אָן אין שטורעמדיקע טעג די מלוכע:
געפערלעך איז אָט דער פאלשנאָמיקער
דער מאָדנער, מיט א מוירעדיקן נאָמען
איז ער באוואָפנט... איך, אן אויסגעפּרוּווטער


שוין יאָרן־לאנג רעגירן, האָב געקענט
די אומרוען און מרידעס איינהאלטן;
געציטערט האָבן זיי פאר מיר אין שטויב;
ס'האָט ניט געוואגט פאראט דעם קאָל צו הייבן —
נאָר דו, א יונגער, ניט געניטער הערשער,
וו'אזוי וועסטו רעגירן אין געוויטער,
פארלעשן מרידעס, אופדעקן פאראט?
נאָר גאָט איז גרויס! ער מאכט די יוגנט קלוג
און גיט דער שוואכקייַט קראפט... הער אויס: צו ערשטן
א ראטגעבער קלייַב אויס א זיכערן,
פון קאלטן, רייַפן עלטער, א באליבטן
באם פאָלק — און בא באָיארן א געשעצטן
מיט ייִכעס צי מיט רום — אָט זאָל זייַן שויסקי.
ס'איז נייטיק פארן מיליטער א פירער
איצט א געניטער: שיק באסמאנאָוון
און פעסט האלט אויס דאָס מורמלען פון באָיארן.
דו ביסט פון קינדווייַז אָן מיט מיר געזעסן
אין דומע, ווייסט דעם וועג פון אָנפירן
די מלוכע. ענדער ניט דעם גאנג פון זאכן:
רעגילעס איז די נשאָמע פון מעלוכעס.
כ'האָב ווידער אומגנאָד, קעפּונגען געמוזט
איצט אופשטעלן — דו קענסט זיי אָפּשאפן;
מע וועט דיך בענטשן, ווי מע האָט דייַן פעטער
געבענטשט, ווען אפן טראָן פון גרויזאמען
איז ער ארופגעטראָטן. מיט דער צייַט
און ביסלעכווייַז צי אָן זיי נאָכאמאָל,
די לייצעס פון דער מלוכע. איצט שוואך אָפּ,
נאָר ניט ארויסלאָזנדיק פון די הענט.
זייַ גנעדיק, צוטריטלעך צו אויסלענדער,
זאָלסט אָנעמען מיט צוטרוי זייער דינסט;

היט אָפּעט שטרענג די קלויסטערשע טאקאָנעס,
זײַ שװײַגזאַם; ס׳טאָר די קײזערלעכע שטים
אומזיסט ניט גײן פארלױרן אין דער לופטן.
װי גלאָקנקלאַנג, דאַרף זי נאָר אָנזאָגן
פון גרויסן טרויער אָדער גרויסן יאָנטעװ.
אָ, ליבער זון! קומסט שוין אין יענע יאָרן,
װען ס׳רעגט א פרויען־פּאָנעם אונדז דאָס בלוט.
היט אָפּ, היט אָפּ די ריינקייט הייליקע
פון אומשולד און פון שעמעװדיקײַט שטאָלצער:
װער אין דער יוגנט די געפילן זײַנע
אין פארגעניגנס זינדיקע דערטרינקען
געװוינט איז, — יענער, אז ער קומט דערנאָך
אין יאָרן, איז ער בייז און בלוטדאָרשטיק,
און זײַן פארשטאַנד װערט טונקל פאר דער צײַט.
אין דײַן מישפּאָכע שטענדיק זײַ דער קאָפּ,
די מוטער ערלעך האַלט, נאָר הערש מיט זיך
אליין; דו ביסט א קייסער און א מאַן.
האָב ליב די שװעסטער דײַנע — דו ביסט איר
דער איינציקער באַשיצער איצט געבליבן.

פיאָדאָר (אַף די קני).

ניין, ניין — אָ, לעב און קיניג לאַנגע יאָרן,
אָן דיר פארפאַלן איז דאָס פאָלק און מיר.

קייסער.

געענדיקט אלץ — די אויגן װערן פינצטער,
איך פיל די קעלט פון קײװער שוין...

(ס׳גייט ארײַן דער פּאַטריאַרך, די בישאָפן, נאָך זיי אלע באָיאַרן. די קייסערינע פירט מען אונטער די הענט, די פּרינצעסן װיינט).

װער איז דאָרט?



א! סכימע... יאָ! די זאַלבונג הייליקע...
געשלאָגן האָט די שאָ! דער קייסער גייט
פאר א מאָנאַך: און זײַן װעט מיר א קעליע
דער קײװער פינצטערער... װאַרט, פּאַטריאַרך,
איך בין נאָך קייסער: הערט מיך אויס, באָיאַרן:
דער דאָזיקער איז דער, װאָס איך באַפויל אים
די מלוכע; קושט דעם קרייץ צו פיאָדאָרן...
באַסמאַנאָװ, פרײַנט מײַנע... באַם קײװער כ׳בעט אײַך,
איר זאָלט אים דינען עמעס און געטרײַ!
ער איז נאָך אזוי יונג און אומשולדיק.
איר שװערט?

באָיאַרן.

מיר שװערן דיר.

קייסער.

איך בין צופרידן.
זײַט מויכל מיר פארפירונגען און זינד
און מיטװיליקע און פארבאָרגענע
באַליידיקונגען... פּאָטער הייליקער,
דערנעענטער צו מיר זיך, איך בין גרייט.

(ס׳הייבט זיך אָן די צערעמאָניע פון מאָנאַכן־זאַלבונג. די פרויען טראָגט מען ארויס אין כאַלאָשעס).

## שטאַב־קװאַרטיר.

באַסמאַנאָװ פירט ארײַן פּושקינען.

באַסמאַנאָװ.

אהערצו גיי ארײַן און דאָ רעד פרײַ.
איז װאָס, האָט ער דיך צוגעשיקט צו מיר?

פושקין.

ער לייגט דיר פאָר זײַנ פרײַנטשאפט אונ דעם ראנג
נאָכ אים דעם ערשטנ אינ דער מאָסקווער מלוכע.

באסמאנאָוו.

נאָר ס'האָט אזוי שוינ אויכ מיכ פיאָדאָר הויכ
דערהויבנ, כ'פיר אָנ מיטנ מיליטער.
ער האָט פארבויגנ צוליב מיר די ראנגענ,
דעם צאָרנ פונ באָיארנ,—כ'האָב געשוואָרנ.

פושקינ.

דו האָסט דעם יוירעש דעם געזעצלעכנ
פונ טראָנ געשוואָרנ; נאָר אז ס'לעבט א צווייטער,
א מער געזעצלעכער?

באסמאנאָוו.

הער אויס מיכ, פושקינ,
גענוג, דערצייל מיר ניט קיינ פוסטע מײַסעס,
כ'ווייס, ווער ער איז.

פושקינ.

ס'האָט רוסלאנד אונ ס'האָט ליטע
פאר דמיטריִענ אים לאנג שוינ אָנערקענט.
נאָר, איבעריקנס, איכ באשטיי אפ דעם ניט.
קענ זײַנ, ער איז דער עמעסער דימיטרי,
קענ זײַנ, אז ער איז א פאלשנאָמיקער.
נאָר כ'ווייס, אז פריִער־שפעטער אָפטרעטנ
אימ מאָסקווע וועט דער זונ שוינ פונ באָריסנ.



באסמאנאָוו.

קאָלזמאנ איכ שטיי נאָכ פארנ יונגנ קייסער,
וועט ער דעם טראָנ ביז דעמלט ניט פארלאָזנ.
מיר האָבנ פאָלקנ, דאנקענ גאָט, גענוג!
אונ איכ וועל זיי מיט זיג באגײַסטערנ,
אונ איר, אנטקעגנ מיר וועט וועמענ שיקנ?
ניט מנישעקנ? צי דעם קאזאק קארעלא?
אונ וויפל גאָר זײַנט איר? אכט טויזנט מאנ.

פושקינ.

דו האָסט א טאָעס: ס'וועט אזויפיל אויכ
ניט אָנעמענ זיכ. כ'קענ אליינ דיר זאָגנ,
אז אונדזער מיליטער טויג אינ דער ערד.
אז די קאזאקנ ראבעווענ נאָר דערפער,
די פוילנ נאָר בארימענ זיכ אונ טרינקענ,
די רוסנ... נאָר וואָס האָב איכ וואָס צו רעדנ—
איכ וויל ניט גיינ פאר דיר קיינ אָנשטעל מאכנ;
נאָר ווייסט, מיט וואָס מיר זײַנענ שטארק, באסמאנאָוו?
ניט מיט קיינ מיליטער, ניינ, ניט מיט הילפ
מיט פוילישער. נאָר מיט דער מיינונג—יאָ!
די מיינונג פונעמ פאָלק. דערמאנ זיכ נאָר
דימיטריִעס ניצאָכנ, זײַנע זיגנ
די פרידלעכע, ווענ אָנ א פולווער־שאָס
עס האָבנ שטעט זיכ אונטערג'געבנ אים,
אונ אײַנגעשפארטע פעלדהארנ געבונדנ
האָט דער האמוינ? דו האָסט אליינ געזענ;
עס האָבנ גערנ אײַערע כאיאָלעס
מיט אים געשלאָגנ זיכ? אי דאָס נאָכ ווענ?
נאָכ פאר באָריסנ! איז אצינד וואָס?.. ניינ,

באסמאנאָוו, ס'איז שוין שפּעט זיך אמפּערן
און אופבלאָזן דעם קאלטן אש פון קריג.
מיט גאנצן סייכל דייַנעם, פעסטן ווילן,—
וועסטו ניט איַינשטיין; איז פאר דיר ניט בעסער,
דער ערשטער זאָלסט א קלוגן בייַשפּיל ווייַזן,
דימיטריִען פאר קייסער אויסרופן
און טאָן דערמיט אפ אייביק אים א טויווע?
ווי רעכנסטו?

באסמאנאָוו.

צו־מאָרגנס וועט איר וויסן.

פּושקין.

באשליס.

באסמאנאָוו.

א גוטן.

פּושקין.

איז באטראכט, באסמאנאָוו.

(ער גייט אוועק).

באסמאנאָוו.

ער איז גערעכט, ער איז גערעכט; פאראט
וואקסט אומעטום. וואָס טוט מען? זאָל איך ווארטן,
ביז ווען מיך אויך די מוירדים וועלן בינדן
און צו אָטרעפּיעוון ארויסגעבן?
ניט בעסער דען באצייַטנס צו פארכאפּן
דעם שטורעמדיקן אופרייַס פונעם שטראָם,
אליינ זיך... נאָר די שוווּע צו פאראטן;
נאָר צו פארדינען שאנד פון דאָר צו דאָר!
פאר צוטרוי פונעם קרוינטרעגער דעם יונגן



מיט אזא שרעקלעכן פאראט באצאָלן!
א מענטש אין אומגנאָד, א פארטריבענעם,
איז גרינג באטראכטן מרידע און פארשווערונג,
נאָר מיר, נאָר מיר, דעם ליבלינג פונעם קייסער...
נאָר טויט... נאָר מאכט... נאָר פאָלקס־אומגליק..
(ער פארטראכט זיך). אהער!
מייַן פערד! ווער איז דאָרט? (פייַפט). שאלט א זאמלרוף!

## ריכט־פּלאַץ[1].

פּושקין גייט, ארומגערינגלט מיטן פאָלק.

דאָס פאָלק.

דער פּרינץ האָט צוגעשיקט אונדז א באָיארין.
קומט הערן, וואָס וועט דער באָיארין זאָגן.
אהער! אהער!

פּושקין (אפ דער בימע).

איר בירגער מאָסקווער,
צו אייַך זיך נויגן האָט דער פּרינץ געהייסן.

(ער נויגט זיך).

איר ווייסט, ווי ס'האָט די הימלשע השגאָכע
דעם פּרינץ פון מערדערס הענט געראטעוועט;
געגאנגען איז ער זייַן גאזלען צו באשטראָפן,
נאָר ס'האָט גאָטס מישפּעט שוין באשטראָפט באָריסן.
ס'האָט רוסלאנד דמיטריִען זיך אונטערג'וואָרפן;
אליינ באסמאנאָוו, מיט כאראָטע טרייַער,
געפירט האָט זייַנע פאָלקן צו דער שוווּע.
דימיטרי גייט צו אייַך מיט פריד און ליבע.

1 ריכט־פּלאַץ („Лобное место“) — אן ארומגעצוימטע הויך אָרט אפ דעם רויטן פּלאַץ אין מאָסקווע, פון דעם אָרט פלעג מען אויסרופן פארן פאָלק פארשיידענע אָפיציעלע מעלדונגען.

ווען איר פאר גאָדונאָווס מישפּאָכע וועגן
אַפּ אײַער קײסער דעם געזעצלעכן
און אַפּ אַן אײניקל פון מאָנאָמאַכן
דען אופהײבן די האַנט?

ד אָ ס פ אָ ל ק.

פארשטייט זיך, ניט.

פ ו ש ק י ן.

איר מאָסקווער בירגער! ס'ווייסט די גאַנצע וועלט,
ווי פיל איר האָט אונטער דער מאַכט פון פרעמדלינג
פון דעם אכזאָרישן געליטן: אומגנאָד,
און שטראָפן, אומקאָוועד און שטײַערן,
און מי און הונגער — אויסגעשטאַנען אַלץ.
און דמיטרי וויל באַגנעדיקן אײַך אַלע,
באָיאַרן, אַדל, מענטשן פון קאָלעגיעס,
מילכאָמע־מענטשן, פרעמד־הענדלער און סאָכרים,
און ס'גאַנצע פאָלק דאָס כאָשעווע. ווען איר
דען נעמען אומזיניק זיך אַקשענען
און גײַציק די כאַסאָדים אויסווײַכן?
ער גייט אָבער אַפּ קייזערלעכן טראָן,
פון זײַנע עלטערן אין פאָרכטיקער
באַגלייטונג. איז דערצאַרנט ניט דעם קייסער
און מוירע האָט פאַר גאָט, און קושט דעם קרייץ
צו אײַער הערשער דעם געזעצלעכן.
גיט אונטער זיך, שיקט באַלד צו דמיטריען
אין לאַגער דעם מיטראָפּאָליט, באָיאַרן
און דיאַקן, און געווײלטע לײַט, זיי זאָלן
צו פיס פאַלן דעם פאָטער און דעם קיניג.
(ער גייט אַראָפּ. א ראַש אין פאָלק).



ד אָ ס פ אָ ל ק.

וואָס קען מען רעדן? ער האָט אונדז אַן עמעס
געזאָגט. זאָל לעבן דמיטרי אונדזער פאָטער!

א מ ע נ ט ש פ ו נ ה א מ ו י נ א פּ ד ע ר ב י מ ע.

פאָלק! פאָלק! צום קרעמל! צו דעם קייסערס פּאַלאַץ
קום לאָמיר בינדן ס'הינטל גאָדונאָווס!

ד אָ ס פ אָ ל ק (לויפט מענגעסווײַז).

דערטרינקען! בינדן! לעבן זאָל דימיטרי!
זאָל אומקומען דער שטאַם פון גאָדונאָוון!

## קרעמל. דאָס הויז פון באָריסן. א וואַך באַם גאַנעק.

(פ י אָ ד אָ ר הינטערן פענצטער).

ב ע ט ל ע ר.

גיט א נעדאָווע, אום קריסטוס נאָמען!

ד י ו ו א כ.

אוועק פונדאַנען, ס'איז ניט באַפוילן צו רעדן מיט די
אַרעסטירטע.

פ י אָ ד אָ ר.

גיי, אַלטער, איך בין אָרעמער פון דיר, דו ביסט אַפּ דער פרײַ.
(ק ס ע נ י ע הינטער א דעקטוך גייט אויך צו צום פענצטער).

א י י נ ע ר פ ו נ פ אָ ל ק.

א ברודער מיט א שוועסטער! אָרעמע קינדער, ווי פייגעלעך
אין א שטײַגל.

א צווייטער.

ס׳איז דאָ אפּ וועמענ צו ראכמאָנעס האָבנ? פּארשאָלטענע געזע!

ערשטער.

דער פּאָטער איז געווענ א רויצייעכ, נאָר די קינדער זײַנענ אומשולדיק.

צווייטער.

דאָס עפּעלע פאלט ניט ווײַט פונעם ביימעלע.

קסעניע.

ברודערל, ברודערל, באָיארנ גייענ, דאכט זיכ, צו אונדז.

פיאָדאָר.

ס׳איז גאָליצינ, מאָסאלקי. די איבעריקע קענ איכ ניט.

קסעניע.

אוי, ברודערל, ס׳ציטערט דאָס הארצ.

(גאָליצינ, מאָסאלסקי, מאָלטשאנאָוו אונ שערעפּעדינאָוו. נאָכ זיי גייענ דרײַ סאָלדאטנ פונ ש׳סער־פאָלק).

דאָס פאָלק.

מאכט א וועג, מאכט א וועג. באָיארנ גייענ.

(זיי גייענ ארײַנ אינ הויז).

איינער פונ פאָלק.

צוליב וואָס זײַנענ זיי געקומענ?



צווייטער.

מיסטאמ פירנ צו דער שוויע פיאָדאָר גאָדונאָוונ.

דריטער.

טאקע אפּדערעמעסנ! דו הערסט, וואָס פאר א ראש ס׳איז אינ שטוב! א ליארעמ! מע שלאָגט זיכ!

דאָס פאָלק.

הערסט? א קוויטש! — ס׳איז א פרויענ־שטימ! לאָמיר ארײַנ־גיינ! די טירנ זײַנענ פארשלאָסנ — די געשרייענ זײַנענ שטיל געוואָרנ. — דער ראש דויערט נאָכ.

(ס׳עפנט זיכ די טיר. מאָסאלסקי ווײַזט זיכ אפנ גאנעק).

מאָסאלסקי.

פאָלק! מאריִא גאָדונאָווא אונ איר זונ פיאָדאָר האָבנ אײַנ־גענומענ סאמ. מיר האָבנ געזענ זייערע טויטע קערפּערס. (דאָס פאָלק שווײַגט דערשראָקנ). וואָס זשע שווײַגט איר? שרײַט: זאָל לעבנ דער קייסער דימיטרי איוואנאָוויטש!

דאָס פאָלק שווײַגט שטיל.

סאָפ.

---



# דער קאַרגער ריטער.

(סצענעס פון טשענסטאָנס [1] טראַגיקאָמעדיע).

**The Covetous Knight** [2].

## ערשטע סצענע.

אין טורעם.

אלבער און איוואַן.

### אלבער.

איך גיי היינט צום טורניר [3], מעג זיין וואָס ס'וויל זיך.
איך גיי, באַווייז מיר נאָר דעם העלם, איוואַן.

(איוואַן דערלאַנגט אים דעם העלם).

1 טשענסטאָן—אַזוי האָט מען אין רוסלאַנד גערופן דעם ענגלישן שרייבער שענסטאָן (1714—1763). אינדערעמעסן איז בא שענסטאָנען ניטאָ אַזאַ פּיעסע. „דער קאַרגער ריטער" איז ניט קיין איבערזעצונג, נאָר פּושקינס אן אייגן ווערק.

2 אף ענגליש: אַ קאַרגער (אַ גיריקער) ריטער.

3 טורניר — אַ געווער־שטרייט אין פאָרם פון אַ צווייקאַמף. טורנירן פלעגן פאָרקומען אין מיטל־אייראָפּע אין דער עפּאָכע פון ריטערטום.



צעלעכערט און צעקלאַפּט. עס איז אוממעגלעך
אים אָנצוטאָן, מע מוז אַ נייעם קריגן.
אַ שיינער קלאַפּ! פאַרפלוכטער גראַף דעלאָרזש!

### איוואַן.

אויך איר האָט זיך מיט אים ניט שלעכט צערעכנט.
איר האָט פון זאָטל אים אַרויסגעשטויסן,
ער איז אַ גאַנץ מעסלעס ווי טויט געלעגן,
ווער ווייסט, צי לעבט ער.

### אלבער.

דאָך האָט ער צעצאָלט זיך,
ס'איז גאַנץ דער ווענעציאַנער [1] ברוסט־שילד זיינער.
די ברוסט זיינע: זי קאָסט אים ניט קיין גראָשן;
קיין אַנדער ברוסט וועט ער ניט דאַרפן קויפן.
פאַרוואָס האָב איך זיין העלם ניט צוגענומען!
ווען כ'שעם זיך ניט פאַרן הערצאָג [2], פאַר די דאַמען,
וואָלט איך עס זיכער טאָן. פאַרפלוכטער גראַף!
שוין בעסער וואָלט ער מיר מיין קאָפּ צעקלאַפּט...
איך דאַרף אַן אָנצוג אויך. דאָס לעצטע מאָל
געזעסן זיינען ריטערס דאָ אין אַטלאַס,
אין סאַמעט; אין פאַנצער כ'בין געווען נאָר איינער
באַם הערצאָגס טיש. איך האָב פאַרענטפערט זיך,

1) צום צווייקאַמף פלעגט מען אָנטאָן ספּעציעלע שטאָלענע פּאַנצערס. די פּאַנצערס זיינען באַשטאַנען פון באַזונדערע טיילן, פון אַ העלם, וואָס פלעג זיך אָנטאָן אפן קאָפּ, פון אַ ברוסט־שילד, וואָס פלעג זיך אָנטאָן אפן ברוסט, א.א.וו. צום סאָפּ פונעם ריטערישן פעריאָד פלעגן די פּאַנצערס אויסשליסלעך רייך באַפּוצט ווערן. באַזונדערס איז געווען באַוווּסט די ווענעציאַנישע אויסאַרבעטונג פון פּאַנצערס.

2 הערצאָג — דער העכסטער טיטול פון דעם פעאָדאַלן אדל. דערנאָך זיינען געגאַנגען גראַפן.

אַז צופעליק בין איך אַף דעם טורניר.
און איצט, וואָס וועל איך זאָגן? אָ, אָרעמקייט!
ווי זי דערנידעריקט דעם מענטשנס האַרץ!
ווען גראַף דעלאָרזש[1] האָט מיטן שווערן שפּיז
צעקלאַפּט מײַן העלם און איז פאַרבײַגעשפּרונגען,
האָב איך, דער קאָפּ אַנטבלויזט, אַ טרײַב געטאָן
עמירן מײַנעם. שטורעמדיק האָב איך
אַ וואָרף געטאָן דעם גראַף אַף צוואַנציק שפּאַן,
ווי גאָר אַ קליינעם פּאַזש[2], און אַלע דאַמען
זיך האָבן אויפגעהויבן, ס'האָט קלאָטילדאַ[3]
פאַרדעקט דאָס פּנים, אַ געשריי געטאָן.
מײַן קלאַפּ געלויבט האָבן העראָלדן אַלע[4]:
ס'האָט דעמאָלט קיינער ניט געוווּסט די סיבע
פון קראַפט, פון וווּנדערלעכער דרייסטקייט מײַנער!
מיך האָט צערייצט דער דורכגעהאַקטער העלם.
פונוואַנען שטאַמט מײַן העלדישקייט? פון קאַרגשאַפט!
ס'איז דאָך ניט שווער מיט איר זיך אָנצושטעקן —
איין דאַך איז איבער מיר און איבערן פאָטער!
וואָס מאַכט איצט מײַן עמיר?

אײוואַן.

ער הינקט נאָך אַלץ.
אַרויספאָרן אַף אים איז נאָך אוממעגלעך.

---

[1] דעלאָרזש — אַ פראַנצויזישע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליע (de Lorges).
[2] פּאַזש — אַ יינגל אַ דינער (באַם הויף פון קעניג אָדער באַ גרויס־אייגנטימער פעאָדאַלן). פּאַזשן פלעגן געווּנמען ווערן פון עם אַדל.
[3] קלאָטילדאַ — אַ פרויען־נאָמען, וואָס איז פאַרשפּרייט אין פראַנקרײַך.
[4] העראָלדן — אין די מיטלעור־אייראָפּעישע מעלוכעס אין מיטלאַלטער „אויסרופער", וואָס פלעגן הויך אַף אַ קאָל אויסרופן פאַרשיידענע נײַעסן און מעלדונגען, צ. ב. אַף פײַערונגען, צערעמאָניעס א.א.וו.



אַלבער.

ס'וועט גאָרניט העלפן, כ'וועל דעם ברוינעם קויפן,
און מע פאַרלאַנגט פאַר אים דאָך גאָר ניט טײַער.

אײוואַן.

ניט טײַער, אָבער איר פאַרמאָגט קיין געלט ניט.

אַלבער.

וואָס ענטפערט ער, דער אויסוווּרף, סאָלאָ[illegible]

אײוואַן.

ער ענטפערט, אַז ער קען שוין מער ניט לײַען;
ער קען קיין געלט ניט געבן אָן אַ משכּון.

אַלבער.

אַ משכּון? ווּ זאָל איך אים נעמען, טײַוול!

אײוואַן.

איך האָב געזאָגט.

אַלבער.

און ער?

אײוואַן.

ער קרעכצט און קנײטשט זיך.

אַלבער.

דו זאָג אים, אַז מײַן פאָטער, ווי אַ ייִד,
איז רײַך און אָנגעשטאָפּט, און פריִער־שפּעטער
כ'וועל אַלץ דאָ ירשענען.

א י וו א ן.

איך האָב געזאָגט.

א ל ב ע ר.

וואָס ?

א י וו א ן.

ער קנייטשט זיך און ער קרעכצט.

א ל ב ע ר.

א צאָרע !

א י וו א ן.

ער האָט געוואָלט גאָר קומען.

א ל ב ע ר.

נו, גאָט צו דאנקען,
אָן אויסקויפ לאָז איך אים שוין ניט ארויס.

(מ׳קלאפט אין טיר).

ווער איז ?

(ס׳גייט אריין דער ייִד).

י יִ ד.

ס׳איז איַער טריַער קנעכט.

א ל ב ע ר.

אָ, פריַינט !
פארפלוכטער ייִד, געערטער סאָלאָמאָן !
דו קום אהער : וואָס איז, איך האָב געהערט,
דו גלייבסט מיר ניט ?



י יִ ד.

אכ, לייַטזעליקער ריטער !
איך שווער איַיך, כ׳וואָלט געוואָלט, נאָר, גלייבט, איך קאָן ניט !
ווי נעמט מען געלט ? כ׳בין רויִנירט געוואָרן,
געטריַי איך האָב געהאָלפן אלע ריטערס,
און קיינער צאָלט ניט. איַיך איצט וועל איך בעטן,
צי קענט איר מיר א טייל כאָטש געבן...

א ל ב ע ר.

רויבער !
ווען איך וואָלט געלט געהאט, דאן וואָלט איך דען
מיט דיר אמאָל געהאט צו טאָן ? גענוג,
ניט זיַי קיין אקשן, ליבער סאָלאָמאָן,
און גיב מיר רענדלעך, שיט מיר אויס א הונדערט,
ביז כ׳וועל אליין ניט נעמען זוכן.

י יִ ד.

הונדערט !
ווען איך פארמאָג איצט הונדערט רענדלעך !

א ל ב ע ר.

הער נאָר !
דו שעמסט זיך ניט, און דיַינע פריַינט דו ווילסט ניט
ראטעווען ?

י יִ ד.

איך שווער איַיך...

א ל ב ע ר.

נו, גענוג שוין.
א מאשקן פאָדערסטו ? אזא מין שטוס !

וואָס קען איך געבן דיר, א כאזער־פעל?
ווען איך זאָל האָבן וואָס פארזעצן, לאנג
וואָלט איך פארקויפט עס. און א וואָרט א ריטערש
איז ווייניק דיר, דו הונט?

יִיד.

ס'איז אײַער וואָרט,
ביזוואנ איר לעבט, א סאכ, א סאכ די ווערט,
די קאסטנס פונ פלאמאנדישע[1] נעגידים,
ווי א קאמייע[2], וועט עס עפענען.
נאָר אויב איר וועט עס מיר, דעם אלטנ ייִדנ,
אוועקגעבנ, דאָס וואָרט, און וועט אליינ
דערווײַל א שטארב טאָג (גאָט באהיט), אָ, דעמלט
אינ מײַנע הענט דאָס וואָרט ווערט בלויז א שליסל,
ווענ ס'איז דער קאסטנ שוינ אינ יאם פארוואָרפנ.

אלבער.

צי קען מײַנ פאָטער מיכ דען איבערלעבנ?

---

[1] פלאמאנדער — א פאָלק, וואָס באוווינט פלאנדריע (א טייל פונ דער איצטיקער בעלגיע), וואָס רעדט אפ האָלענדיש. אינ דער פעאָדאלער עפּאָכע האָבנ זיכ אינ פלאנדריע שטארק אנטוויקלט די פרײַע שטעט, ווו ס'האָבנ געוווינט האנט־ווערקער און הענדלער. די דאָזיקע שטעט זײַנען ניט געווענ אָפּהענגיק פונ די ריטערס־פעאָדאלן, און דאָס האָט מיטגעהאָלפנ דעם גיכערנ אויפבלי פונ דער אינ־דוסטריע און פונ דעם האנדל אינ פלאנדריע. די אָרטיקע אײַנוווינער זײַנען דער־פאר געווענ רײַכער, ווי אינ פראנקרײַכ.

[2] קאמייע — א זאכ, וואָס פארמאָגט קלוימערשט אויסערגעוויינלעכע וווּנ־דערלעכע פייִקײַטנ. דאָ האנדלט זיכ וועגנ א קאמייע, וואָס קענ עפענען שלעסער אָנ א שליסל.



יִיד

ווער ווייסט? ניט מיר זיכ ציילנ דאָ די טעג;
געבליט א יונג האָט נעכטנ, הײַנט געשטאָרבנ,
און איצטער טראָגנ אימ פיר אלטע לײַט
אפ פלייצעס אײַנגעהויקערטע צום קייווער.
געזונט איז דער באראָנ, א צענדליק, צוויי
און עפשער דרײַ, גיב גאָט, וועט ער נאָכ לעבנ.

אלבער.

דו לײַגסט, דו ייִד! אינ דרײַסיק יאָר ארום
וועל איך שוינ אלט זײַנ פופציק, דאנ געלט וואָס דארפ איכ?
צו וואָס וועט דאָס מיר טויגנ?

יִיד.

געלט? — דאָס געלט
איז שטענדיק נוצלעכ אינ א־יעדער עלטער:
די יוגנט מאכט פונ געלט א פלינקנ דינער
און שיקט עס, ניט געטראכט, אהינ־אהער,
דער אלטער זעט אינ געלט זײַנ פעסטנ פרײַנט
און היט עס, ווי דאָס אפל פונ דעם אויג.

אלבער.

ניט דינער און ניט פרײַנט פארמאָגט מײַנ פאָטער,
דאָס געלט איז אימ א האר און ער באדינט עס,
און ווי באדינט! ווי א שווארצער קנעכט, א טרײַער,
ווי א הונט צו קייט געשמידט, אינ קאלטער נאָרע,
טרינקט וואסער נאָר, און ברויט פארדארטס ער עסט,
די נעכט ניט שלאָפט, ער לויפט ארום און בילט.
דאָס גאָלד — עס ליגט זיכ רויִק אינ די קאסטנס.

דו רעד ניט מער, דו שווײַג, עס וועט דאָס גאָלד
אמאָל מיר דינען טרײַ, פארגעסן ליגן.

י י ד.

יאָ, יאָ, עס וועט אף דעם באראָנס לעווײַע
פארגאָסן ווערן געלט פיל מער, ווי טרערן,
זאָל גאָט גיך שיקן די יעשועה.

א ל ב ע ר.

אָמיין [1].

י י ד.

און מעגלעך...

א ל ב ע ר.

וואָס?

י י ד.

דערמאנט זיך אָן א מיטל

א ל ב ע ר.

וואָס איז דאָס פאר אזאמינ מיטל?

י י ד.

עט —
כ'האָב איינעם א באקאנטן אלטן יידן,
אן אָרעמען אפטייקער...

א ל ב ע ר.

א פראָצענטניק,
אזא ווי דו, צי עפשער אָרנטלעכער?

---

1 אָ מ יי ן — עמעסדיק, ווירקלעך, — דאָס ענדע־וואָרט פון אסאך טפילעס.



י י ד.

ניין, ריטער, טעוויע פירט אן אנדער האנדל:
ער מאכט אזעלכע טראָפּנס... וווּנדערלעך,
ווי טרעפלעך ווירקן זיי!

א ל ב ע ר.

וואָס דארף איך זיי?

י י ד.

גענוג דרײַ טראָפּנס אף א גלאָז א פולער,
קיין טאם און קיין קאָליר זיי האָבן ניט,
דער מענטש פילט גאָר קיין ווייטעק ניט אין בויך,
עס מלאָסנעט ניט, אזוי אָן ווייען שטארבט ער.

א ל ב ע ר.

איז האנדלט ער מיט סאם, דײַן אלטער?

י י ד.

יאָ,
מיט סאם אויך.

א ל ב ע ר.

וואָס? אָנשטאָט מיר געלט אנטלײַען,
ווילסטו גאָר פאָרלייגן מיר פלעשער סאם —
א פלעשעלע א רענדל. גוט פארשטאנען?

י י ד.

אײַך ווילט זיך כויזעק מאכן פון א יידן,
ניין, כ'האָב געוואָלט... ס'וועט עפשער אײַך... געמיינט,
אז צײַט איז דעם באראָן א שטארב צו טאָן.

אלבער.

דעם פֿאָטער סאמענ האָסטו כוצפע, ייִדלעק,
דעם זונ צו פֿאָרלייגנ!.. איוואנ, פֿארהאלט אים!
נעשאָמע ייִדישע, דו הונט! דו שלאנג!
דו ווייסט, אָט וועל איך באַלד דיך אופֿהענגענ
אפֿנ טויער!

ייִד.

אנטשולדיקט מיר, איך טרײַב קאטאָוועס!
איך האָב געשפּאסט!

אלבער.

איוואנ, דערלאנג א שטריק.

ייִד.

איך האָב געשפּאסט. איך האָב אײַך געלט געבראכט.

אלבער.

אוועק, דו הונט!

(דער ייִד גייט אוועק).

איז אָט צו וואָס עס ברענגט מיך
די קארגשאפֿט פֿונ מײַנ פֿאָטער! אז א ייִד
זאָל וואגנ פֿאָרלייגנ!.. גיב א גלאָז וויַינ!
איך ציטער אזש... איוואנ, איך דארפֿ דאָס געלט...
לויפֿ צו אפּגיך צומ ייִדנ צומ פֿארפֿלוכטנ
אונ נעמ בּא אים די רענדלעך, ברענג אהער
א טינטער... כ'וועל אים אָנשרײַבּנ א קוויטל.
נאָר פֿיר אים ניט ארײַנ אהער צו מיר,
אָט דעם פֿארעטער... אניט ווארט צו, מע דארפֿ ניט —
מיט סאמ די רענדלעך זײַנע וועלנ שמעקנ,



ווי זילבערשטיק פֿונ עלטערזיידנ זײַנעמ...
איך האָב געבּעטנ ווײַנ.

איוואנ.

ניטאָ קיינ ווײַנ,
קיינ טראָפּנ ניט.

אלבער.

אונ דאָס, וואָס ס'האָט רעמאָנ [1]
פֿונ שפּאניע געשיקט מיר א מאטאָנע?

איוואנ.

די לעצטע פֿלאש כ'האָב נעכטנ אָפּגעטראָגנ
דעמ קראנקנ שמיד.

אלבער.

אהא, כ'געדענק, איך ווייס...
איז גיב מיר וואסער. א פֿארשאָלטנ לעבּנ!
ס'איז אָפּגעמאכט, ניינ, כ'וועל זיך דעמ הערצאָג קלאָגנ,
אונ זאָל מענ אים, דעמ פֿאָטער מײַנעמ, צווינגענ,
ער זאָל מיך האלטנ, ווי מ'האלט א זונ,
ניט ווי א מויז, וואָס איז אינ לאָך געבּוירנ.

## צווייטע סצענע.

קעלער.

באראָנ.

ווי ס'גארט א יונג א פֿוסטער זיך באגעגענענ
מיט עפּעס א יעפֿייפֿיִע א פֿאלשער,

1 רעמאָנ — א פֿראנצויזישער נאָמענ.

צי מיט א גאר, א מיידל א פארפירטער,
אזוי האָב איך געוואַרט הײַנט, ווען אין קעלער
איך וועל אראָפּ צו מײַנע טרײַע קאסטנס.
א טאָג א גליקלעכער! איך קען הײַנט ווידער
אין זעקסטן קאסטן (דער, וואָס נאָך ניט פול איז)
א הויפן אָפּגעשפּאָרטן גאָלד פארשיטן.
דאָס איז דאָך ווייניק, נאָר צוביסלעך
די אוצרעס וואקסן. כ'האָב געלייענט ערגעץ,
אז ס'האָט א קייסער איינער זײַנע קריגסלײַט
א הויפן ערד באפוילן יעדן ברענגען,
און ס'איז א בארג א הויכער אויסגעוואקסן —
און פריילעך האָט דער קייסער פונדערהויך
באקוקט דעם פלאץ, באדעקט מיט ווײַסע געצעלטן,
באקוקט דעם יאם, ווו ס'לויפן שנעלע שיפן.
אזוי אויך איך. אין דעם געהיימען קעלער
מײַן צינש איך טראָג אין קליינע קארגע הויפנס —
און פונדערהויך שוין קען איך הײַנט באקוקן
די רײַכקײַט, וואָס איז דאָ מיר אונטערטעניק.
וואָס איז ניט אונטערטעניק מיר? פון איצט
די וועלט באהערשן קען איך, ווי א דעמאָן.
איך דארף נאָר וועלן, וואקסן אויס פאלאצן,
און נימפעס וועלן מײַנע פײַנע סעדער
אין גרינגע קרײַזן אָנפילן, און מוזעס
מיר וועלן זייער גאָב מיט גרייטקײַט טראָגן,
און ס'וועט דער פרײַער געני מיר א קנעכט זײַן,
און טוגנט, ווי אויך שלאָפלאָזיקע מי,
מיט אָפּשײַ וועלן וואַרטן אף מײַן לוין.
איך גיב א פײַף, וועט בלוטיקע רעציכע
האכנאָעדיק געהאָרכזאם פאר מיר קריכן,
די האנט מיר הינטיש לעקן און וועט ווכנ



אין בליק מײַנעם מײַן ווילן צו דערקענען.
ס'איז אלץ געהאָרכזאם מיר, איך איינער — קיינעם;
כ'שטיי העכער אלע גלוסטן; איך בין רויק,
איך ווייס די קראפט מײַנע, און ס'איז גענוג מיר
אָט דער באוווסטזײַן .. (ער קוקט אף זײַן גאָלד).
דוכט זיך — גאָר א ביסל,
נאָר וויפל מענטשן־זאָרגן, וויפל טרערן,
געבעטן הייסע, פאלשקײַטן און קלאָלעס,
ווי שטיינער שווערע, זײַנען דאָ פארזונקען.
עס ליגט דאָ א דובלאָן[1] אן אלטער, הײַנט ערשט
מיר האָט אים אן אלמאָנע אָפּגעגעבן,
א האלבן טאָג האָט זי דאָ בא מײַן פענצטער
געהוילט מיט אירע קינדער. ס'האָט גערעגנט,
ס'האָט אופגעהערט און ס'האָט גערעגנט ווידער —
זי האָט זיך ניט גערירט; איך האָב געקענט
פארטרײַבן זי, — נאָר עפּעס האָט געררימט מיר:
זי האָט דעם כויוו דעם מאנס דיר אָפּגעבראכט,
זי וועט ניט וועלן מאָרגן זײַן אין טפיסע.
און דער־אָ גאָלדשטיק, ס'האָט טיבאָ געבראכט אים[1] —
ווו האָט אזא פוילויאק געקאָנט אים קריגן?
פארשטייט זיך, אָפּגעשלעפּט; און עפּשער גאָר
באנאכט... אפן גרויסן שליאך... אין יונגן וועלדל...
יאָ־יאָ! ווען אלע טרערן, בלוט און שווייס,
פארגאָסענע פאר אלע מײַנע אוצרעס,
פון ערדן־טיפן וואָלטן אופגעקוועלט —
א נײַער מאבל וואָלט געווען, איך וואָלט
פארכלינען זיך אין מײַנע קעלערס... צײַט שוין...
(ער וויל אָפּשליסן דעם קאסטן).

1 דובלאָן — א גאָלדענע מאטבייע אין XVI יאָרהונדערט.
2 טיבאָ — א פראנצויזישער נאָמען.

צי מיט א נאַר, א מיידל א פאַרפירטער,
אַזוי האָב איך געוואַרט הײַנט, ווען אין קעלער
איך וועל אַראָפּ צו מײַנע טרײַע קאַסטנס.
א טאָג א גליקלעכער! איך קען הײַנט ווידער
אין זעקסטן קאַסטן (דער, וואָס נאָך ניט פול איז)
א הויפן אָפּגעשפּאָרטן גאָלד פאַרשיטן.
דאָס איז דאָך ווייניק, נאָר צוביסלעך
די אויצרעס וואַקסן. כ׳האָב געלייענט ערגעץ,
אַז ס׳האָט א קייסער איינער זײַנע קריגסלײַט
א הויפן ערד באַפוילן יעדן ברענגען,
און ס׳איז א באַרג א הויכער אויסגעוואַקסן —
און פריילעך האָט דער קייסער פון דערהויך
באַקוקט דעם פּלאַץ, באַדעקט מיט ווײַסע געצעלטן,
באַקוקט דעם יאַם, ווו ס׳לויפן שנעלע שיפן.
אַזוי אויך איך. אין דעם געהיימען קעלער
מײַן צינס איך טראָג אין קליינע קאַרגע הויפנס —
און פון דערהויך שוין קען איך הײַנט באַקוקן
די רײַכקײַט, וואָס איז דאָ מיר אונטערטעניק.
וואָס איז ניט אונטערטעניק מיר? פון איצט
די וועלט באַהערשן קען איך, ווי א דעמאָן.
איך דאַרף נאָר ווילן, וואַקסן אויס פּאַלאַצן,
און נימפעס וועלן מײַנע פײַנע סעדער
אין גרינגע קרײַזן אָנפילן, און מוזעס
מיר וועלן זייער גאָב מיט גרייטקײַט טראָגן,
און ס׳וועט דער פרײַער געני מיר א קנעכט זײַן,
און טוגנט, ווי אויך שלאָפלאָזיקע מי,
מיט אָפּשײַ וועלן וואַרטן אויף מײַן לוין.
איך גיב א פײַף, וועט בלוטיקע רעציכע
האַכנאָעדיק געהאָרכזאַם פאַר מיר קריכן,
די האַנט מיר הינטיש לעקן און וועט ווכן



אין בליק מײַנעם מײַן ווילן צו דערקענען.
ס׳איז אַלץ געהאָרכזאַם מיר, איך איינער — קיינעם;
כ׳שטיי העכער אַלע גלוסטן; איך בין רויִק,
איך ווייס די קראַפט מײַנע, און ס׳איז גענוג מיר
אָט דער באַוווּסטזײַן.. (ער קוקט אויף זײַן גאָלד).
דוכט זיך — גאָר א ביסל,
נאָר וויפל מענטשן־זאָרגן, וויפל טרערן,
געבעטן הייסע, פאַלשקײַטן און קלאָלעס,
ווי שטיינער שווערע, זײַנען דאָ פאַרזונקען.
עס ליגט דאָ א דובלאָן [1] אַן אַלטער, הײַנט ערשט
מיר האָט אים אַן אַלמאָנע אָפּגעגעבן,
א האַלבן טאָג האָט זי דאָ באַ מײַן פענצטער
געהוילט מיט אירע קינדער. ס׳האָט גערעגנט,
ס׳האָט אויפגעהערט און ס׳האָט גערעגנט ווידער —
זי האָט זיך ניט גערירט; איך האָב געקענט
פאַריאָגן זי, — נאָר עפּעס האָט גערוימט מיר:
זי האָט דעם כּיוון דעם מאַנס דיר אָפּגעבראַכט,
זי וועט ניט וועלן מאָרגן זײַן אין טפיסע.
און דער־אָ גאָלדשטיק, ס׳האָט טיבאָ געבראַכט אים [1] —
ווו האָט אַזאַ פוילִיאַק געקאָנט אים קריגן?
פאַרשטייט זיך, אָפּגעשלעפּט; און עפּשער גאָר
באַנאַכט... אויפן גרויסן שליאַך... אין יונגן וועלדל...
יאָ־יאָ! ווען אַלע טרערן, בלוט און שווייס,
פאַרגאָסענע פאַר אַלע מײַנע אויצרעס,
פון ערדן־טיפן וואָלטן אויפגעקוועלט —
א נײַער מבול וואָלט געווען, איך וואָלט
פאַרכלינען זיך אין מײַנע קעלערס... צײַט שוין...
(ער וויל אָפּשליסן דעם קאַסטן).

[1] דובלאָן — א גאָלדענע מאַטבייע אין XVI יאָרהונדערט.
[2] טיבאָ — א פראַנצויזישער נאָמען.

און יעדער מאָל, ווען אָפּשליסן איך וויל
דעם קאסטן, מיך באַפאלט א היץ, א פיבער!
ניט שרעק, אָ, ניין, פאר וועמען האָב איך מוירע?
מײַן וואפן איז מיט מיר, די טרײַע שווערד
היט אָפּ דאָס גאָלד, נאָר עפּעס א געפיל
א שווערער דריקט מײַן הארץ... די מעדיקער
דערציילן, אז פאראנען זײַנען מענטשן,
וואָס הארגענען פארשאפט זיי פארגעניגן.
ווען כ'לייג ארײַן אין שלאָס דעם שליסל, פיל איך
דאָס זעלבע, וואָס עס פילן אָט די מענטשן,
דאָס מעסער טיף פארשטעכנדיק אין הארצן:
ס'איז אנגענעם און שרעקלעך.
(ער שליסט אָפּ דעם קאסטן).

אָט איז מײַן גליק!
(ער שיט ארײַן דאָס געלט).

איר גייט אײַך, שוין גענוג אײַך וואנדערן,
דעם מענטשנס נויט און אייפער צו באַדינען.
שלאָפט אײַן אָט דאָ מיט שלאָף פון רו און קראפט,
ווי ס'שלאָפן געטער אין די טיפע הימלען!..
הײַנט וויל איך זיך א יאָנטעוו דאָ פארשאפן:
פאר יעדער קאסטן אָנצינדן א ליכט,
זיי אלע אָפּשליסן און שטיין אליין
צעווישן גלאנץ פון פינקלדיקע גאָלדבערג.
(ער צינדט אָן ליכט און שליסט אוף די קאסטנס איינעם נאָכן אנדערן).

ס'א קישעפדיקער גלאנץ! איך בין א קעניג!
מײַן קעניגרײַך איז פעסט און אונטערטעניק —
דאָ ליגט מײַן גליק, מײַן קאָוועד און מײַן רום!
א קעניג בין איך! ווער אָבער נאָך מיר
מײַן קעניגרײַך באַהערשן וועט? מײַן יורעש!
א פוסטער יאַט, אן אויסברענגער א יונגער,



וואָס כאַווערט זיך מיט אויסוואורפן, ווי ער איז.
קוים וועל איך שטארבן, וועט ער באַלד ארויפגיין
אין אָט די פרידלעכע און שטומע רוימען
מיט מענגעס כניפעניקעס, הויפגעסט לאָרע,
וועט צונעמען די שליסלען בא מײַן קערפער,
וועט מיט געלעכטער עפענען די קאסטנס
און ס'וועלן אויצרעס מײַנע זיך א גאָס טאָן
אין לעכערדיקע קעשעניעס פון סאמעט.
ער וועט צעברעכן אלע טרײַע קיילים,
וועט שמוץ מיט קייזערלעכן בוימל שמירן —
ער וועט פארשווענדן... נאָר לויט וועמעס רעכט?
איך האָב דאָס אלעס דען אומזיסט באַקומען,
צי ווי א שפילער, וועלכער קלאפט מיט ביינדלעך
און שארט אלץ הויפנס גאָלד צונויף? ווער ווייסט,
ווער ווייסט, וויפיל אָפּהאלטונגען ביטערע,
געצוימטע ליידנשאפטן, זאָרגן שווערע,
און טעג פון דײַגעס, שלאָפלאָזיקע נעכט
האָט מיך דאָס אלץ געקאָסט? דער זון וועט זאָגן,
מײַן הארץ מײַן אלטס איז שוין מיט מאָך באַוואָקסן,
איך ווייס ניט, וואָס איז דאָס פארלאנג, געוויסן
האָט קיינמאָל ניט געהריזעט מיך. געוויסן —
די כײַע, וואָס צערײַסט דאָס הארץ מיט נעגל,
א גאסט אן אומגעבעטענער, א נודניק,
א גרוביאן — א מאלווע; א מעכאשייפע,
פון וועלכער ס'לעשט זיך די לעוואָנע, קוואָרים,
פארשעמט, די טויטע שיקן אָפּ ארופ!...
אָ, ניין, פארהאָרעווע אליין דײַן רײַכקײַט,
דערנאָך מיר וועלן זען, צי וועט ער וואגן —
דער אומגליק — שאסטען דאָס, וואָס קאָסט אים בלוט.
אָ, ווען איך קען פון אומווירדיקע בליקן

דעם קעלער אויסבאהאלטן, ווען איך קען
פון קייווער קומען, ווי א וועכטער־שאָטן
זיך זעצן אפ די קאסטנס און, ווי היינט,
פון אַלע מענטשן היטן מיינע אויצרעס!...

## דריטע סצענע.

אין פאלאץ.

אלבער, הערצאָג.

אלבער.

איר מעגט מיר גלייבן, האר, כ׳האָב לאנג געליטן
די שאנד פון אָרעמקייט. ווען ניט די נויט,
וואָלט איך אויך איצט זיך ניט געקלאָגט פאר אייך.

הערצאָג.

איך גלייב, איך גלייב: אזא מין איידלער ריטער,
ווי איר, וואָלט ניט געקלאָגט זיך אפ זיין פאָטער
אָן נויט. ניטאָ אזא פארדאָרבנקייט...
זייט רויק: כ׳וועל מיטן פאָטער אייערן
א רעד טאָן אויג־אפ־אויג און שטילערהייט.
איך וואַרט אפ אים. זיך לאנג שוין ניט געזען.
ער איז געווען מיין זיידנס פריינט. כ׳געדענק —
ווען כ׳בין א קינד א קליינס געווען, פלעג ער
מיך זעצן רייטנדיק אפ פערד אפ זיינעם
און מיך באדעקן מיט זיין שווערן העלם,
ווי מיט א גרויסן גלאָק.

(קוקט אין פענצטער).

ווער איז דאָס דאָרט?
ס׳איז, דאכט זיך, ער?



אלבער.

ס׳איז ער, מיין האר.

הערצאָג.

איר גייט
אין יענעם צימער, כ׳וועל א רוף טאָן אייך.

(אלבער גייט אוועק. ס׳גייט אריין דער באראָן).

באראָן,
מיך פרייט אייך זען געזונט און מונטער.

באראָן.

כ׳בין גליקלעך, האר, וואָס כ׳בין אימשטאנד געווען
לויט אייער ליכטיקן באפעל זיך מעלדן.

הערצאָג.

פיל צייט אוועק, באראָן, שוין לאנג צעשיידט זיך.
געדענקט איר מיך?

באראָן.

צי איך געדענק אייך, האר?
איך זע אייך, ווי אצינד! איר זיינט געווען
א קינד א שטיפער... דער פארשטאָרבענער הערצאָג
פלעג זאָגן מיר: פיליפ (ער האָט מיך שטענדיק
פיליפ גערופן), נו, וואָס וועסטו זאָגן?
נאָך א יאָר צוואנציק, מיין איך, דו און איך
מיר וועלן אויסזען נאריש פאר דעם יאטל,
דאָס הייסט פאר אייך.

הערצאָג.

מיר וועלן איצט די קענטשאפט
באנייען באלד, איר האָט מיין הויף פארגעסן.

בּאראָן.

כ'בּין אַלט געוואָרן, האר. וואָס קען איך טאָן
באַם הויף? איר זײַנט נאָך יונג און האָט זיי ליבּ —
טורנירן, פֿײַערונגען. איך שווײַג, אָבּער,
איך טויג מער ניט. גיבּ גאָט א קריג, וועל איך
מיט גרייטקײַט, קרעכצנדיק, אַפן פערד ארויף;
עס וועט נאָך קלעקן קראַפט די אַלטע שווערד
פאר אײַך מיט ציטערנדיקער האנט אנטבּלויזן.

הערצאָג.

באראָן, מיר ווייסן אײַער שיינע טרײַהײַט,
איר זײַנט געוועזן דעם זיידנס פרײַנט, מײַן פאָטער
האָט אײַך געשעצט; און איר, איך ווייס עס שטענדיק,
איר זײַנט א טרײַער דרייסטער ריטער. זעצט זיך,
באראָן. צי האָט איר קינדער?

בּאראָן.

כ'האָבּ א זון.

הערצאָג.

פאַרוואָס־זשע זע איך אים ניט לעבּן זיך?
פאר אײַך דער הויף איז לאַנגווײַליק, פאר אים
אין זײַנע יאָרן פּאסט גראָד זײַן באַם הויף.

בּאראָן.

מײַן זון האָט גראָד ניט ליבּ קיין ראַשיק לעבּן;
ער האָט א ווילדן, פינצטערן כאראקטער, —
ארום דעם שלאָס אין וועלדער בּלאָנדזשעט אום,
גלײַך ווי יונגער הירש.



הערצאָג.

ניט גוט, ניט גוט
זײַן ווילד אזוי, כ'וועל באַלד אים צוגעוויינען
צו פריילעכע טורנירן און צו בּעלער.
איר שיקט אים צו צו מיר: בּאַשטימט דעם זון
לויט הויכן גראד אַן אָנשטענדיק געהאַלט...
איר האָט זיך שלעכט דערפילט — פילײַכט, פון וועג
איר זײַנט נאָך מיד...

בּאראָן.

אָ, הער, איך בּין ניט מיד;
נאָר איר האָט מיך צעמישט; כ'וואָלט ניט געוואָלט
פאר אײַך זיך מודע זײַן, איר צווינגט מיך אָבּער
אײַך וועגן זון דערציילן דאָס, וואָס כ'וואָלט
פון אײַך געוואָלט עס בּעסער אויסבּאהאַלטן.
מײַן זון, אָ, הער, האָט, ליידער, ניט פארדינט
ניט אײַער גנעדיקײַט, ניט אײַער אכטונג,
זײַן יוגנט ער פארשווענדעט אין פארשײַטקײַט,
אין זינד און נידעריקע...

הערצאָג.

ס'איז דערפאר,
באראָן, וואָס ער איז איינזאם. איינזאמקײַט
און ליידיקגייערשאפט די יוגנט טויטן.
איר שיקט אים צו צו מיר: ער וועט פארגעסן
די געגנג, וואָס קומען אויף אין טויבּן העק.

בּאראָן.

אנטשולדיקט מיר, נאָר, ריכטיק, הערצאָג מײַנער,
איך קאָן ניט אײַנשטימען אַפ אײַער פאָרשלאג.

הערצאָג.

פארוואָס?

באראָנ.

דערלויבט מיר, לאָזט צורו אנ אלטנ...

הערצאָג.

איכ פאָדער, איר אנטדעקט מיר באלד די סיבע
פונ אײַער אָפּזאָג.

באראָנ.

כ׳בינ אפּ זונ אפּ מײַנעם
אינ קאס.

הערצאָג.

פארוואָס?

באראָנ.

ער האָט א גרויס פארברעכנ...

הערצאָג.

אינ וואָס באשטייט אָט דער פארברעכנ, זאָגט?

באראָנ.

באפרײַט מיכ, הערצאָג...

הערצאָג.

ס׳איז מיר אומפארשטענדלעכ!
צי שעמט איר זיכ אזוי מיט אים?

באראָנ.

יאָ... כ׳שעמ זיכ...



הערצאָג.

נאָר וואָס האָט ער געטאָנ?

באראָנ.

ער... ער האָט מיכ
געוואָלט דערטויטנ.

הערצאָג.

טויטנ! צום געריכט
וועל איכ אים איבערגעבנ, ווי א מערדער.

באראָנ.

איכ וועל ניט גײנ דערווײַזנ, כאָטש איכ ווייס,
ערווארט, ער קוקט ארויס אפּ טויט אפּ מײַנעם,
איכ ווייס, ער האָט געמאכט אנ אטענטאט,
געוואָלט...

הערצאָג.

וואָס?

באראָנ.

גאנווענענ.

(אלבער רײַסט זיכ ארײַנ אינ צימער).

אלבער.

באראָנ, איר לײַגט!

הערצאָג (צום זונ).

ווי וואגט איר עס?..

באראָנ.

ביסט דאָ? דו האָסט געוואַנט?.
דו קאָנסט אזאמינ וואָרט דײַנ פאָטער זאָגנ!..
איכ לײַג! פאר אונדזוער הערצאָג אינ די אויגג!..
מיר, מיר... בינ איכ קיינ ריטער מער?..

אלבער.

איר לײַגט!

באראָנ.

אונ ס'קראַכט קיינ דונער ניט, אָ, גאָט גערעכטער!
איז נעמ הייב אופ, אונ זאָל די שווערד אונדז ריכטנ!
(וואַרפט א הענטשקע[1], דער זונ הייבט זי געשווינד אופ).

אלבער.

איכ דאנק! אָט איז א טאַטנס א געשאַנק!

הערצאָג.

וואָס זע איכ דאָ? וואָס קומט דאָ פאָר פאר מיר?
אינ פעכט א זונ גייט מיט זײַנ אלטנ טאַטנ!
אינ וועלכע טעג האָב איכ זי אָנגעטאָנ,
די קייט פונ הערצאָגנ![2] איר שווײַגט, מעטורעפ,
אונ דו, דו טיגער־קינד! גענוג. (צומ זונ) וואַרפט אָפּ;
גיט מיר אוועק די הענטשקע (נעמט זי צו).

---

[1] וואַרפנ עמעצנ א הענטשקע — האָט לויט די ריטערישע מינהאָגים באַטײַט אַרויסרופנ אפּ א צווייקאַמפּ.

[2] די קייט פונ הערצאָגנ — א האַלדזבאַנד אינ דער פאָרמ פונ א קייט — א סימוואָל פונ דער מאכט פונ הערצאָג.



אלבער[1] (a parte).

א שאָד!

הערצאָג.

אזוי אינ איר זיכ אײַנגענעגלט! אויסוואורפ!
אוועקט, דערוועגט זיכ ניט פאר מײַנע אויגנ
באַווײַזנ זיכ ביז יענער צײַט, ווענ כ'וועל
ניט רופנ אײַכ.
(אלבער גייט אַרויס).
איר אומגליקלעכער אלטער!
איר שעמט זיכ ניט?...

באראָנ.

אנטשולדיקט מיר, מײַנ הער...
איכ קענ ניט שטיינ מער, ס'ציטערנ די קני,
עס פעלט מיר לופט!... ווו זײַנענ מײַנע שליסל?
די שליסל גיט!

הערצאָג.

ער איז געשטאָרבנ, גאָט!
אָ, הערצער שרעקלעכע! א דאָר — א שרעק!

---

---

[1] a parte (א פארטע) — אפ לאטײַנ „אינ א זײַט" — א טעאַטראַלע באַדינג־לעכקײַט. ס'איז אָנגענומענ, אז די ווערטער, וואָס אנ אקטיאָר ברענגט אַרויס אינ א זײַט, הערט בלויז דער צושויער, די איבעריקע אָנטיילנעמער, אָבער, אפ דער סצענע הערנ ניט



# מאָצאַרט[1] און סאַליערי[2]

## ערשטע סצענע

א צימער.

סאַליער:

מענטשן זאָגן — ניטאָ קיין עמעס אפ דער וועלט.
קיין עמעס איז ניטאָ אויך העכער. פאר מיר
איז דאָס שוין קלאָר — ס'א פראָסטע גאמע.
צו קונסט די ליבע טראָג איך פון געבוירן;
נאָך זײַענדיק א קינד, ווען אינדערהויך

1 מאָצארט (1791 — 1756) — בארימטער דײַטשישער קאָמפּאָזיטער, האָט אָנגעשריבן א ריי באוווסטע אָפּערעס, וואָס ווערן געשפּילט נאָך ביז איצט: „די כאסענע פון פיגאראָ", „דאָן זשואַן" א. אנד.

2 סאליערי (1825 — 1750) — איטאליענישער קאָמפּאָזיטער, גליוקס א טאלמיד. ס'האָבן זיך פארשפּרייט קלאנגען, אז ער האָט פון קינע געסאמט מאָצארטן, דאָס האָט געגעבן א גרונט דער דאָזיקער פּיעסע. די דאָזיקע קלאנגען אנטשפּרעכן ניט דערווירקלעכקײַט.



דער אָרגל[1] האָט געשפּילט אין אלטן קלויסטער,
האָב איך געהערט, געהערט — ביז טרערן,
אָן ווילן מײַנעם, גערונענ זײַנען זיס.
כ'בין פרײַ אוועק פון פּוסטע פארגעניגנס,
און לערעס, פאר קונסט פאר מײַנער פרעמדע,
מיר זײַנען נימעסדיק געווען. פאראקשנט, שטאָלץ,
זיך אָפּגעזאָגט פון זיי, און זיך ארײַנגעטאָן
אין דער מוזיק. ס'איז שווער דער ערשטער טראָט,
און לאנגווײַליק דער ערשטער וועג. באזיגט
האָב איך די פריִע ליידן. דער קונסט
א פוסבענקל אוועקגעשטעלט — מעלאָכע;
געוואָרן כ'בין א באלמעלאָכע. באגאָבט
די פינגער מיט א טרוקענער געשווינדקײַט,
מיט ריכטיקײַט — דעם אויער. דעם קלאנג געטויט
און די מוזיק צעגלידערט, ווי א פייגער,
מיט אלגעברע דעם ווילקלאנג כ'האָב געפּרוווט.
און דאן געוואגט, אין לערע א געניטער,
זיך איבערגעבן צארט דעם שעפערישן טרוים.
איך האָב גענומען שאפן, נאָר שטיל, בעסאָד נאָר,
קיין האָזע ניט געהאט פון רום צו קלערן.
ניט זעלטן אָפּגעווען אין שטומער קאמער
א צוויי־דרײַ טעג, אין שלאָף, אין שפּײַז פארגעסן,
געניסנדיק אי פרייד, אי טרערן פון היסלײַוועס.
דערנאָך געברענט מײַן מי און קאלט געקוקט,
ווי מײַן געדאנק, ווי קלאנגען פון מײַן הארצן
אין פלאם־געדריי, אין גרינגן רויך פארשווינדן.

1 אָרגל — א גרויסער בלאָז־אינסטרומענט, וואָס באשטייט פון א סאך טרו־מייטן; מע שפּילט אפ אים מיט דער הילף פון קלאווישן, וואָס זײַנען ענלעך אפ די קלאווישן פון א ראָיאל. אָרגלס פלעגן אײַנגעשטעלט ווערן אין די קאטוילישע און ליוטעראנישע קלויסטערס.

וואָס רעד איך? ווען עס איז דער גרויסער גליוק [1]
געקומען און אנטדעקט אונדז נײַע סוידעס
(אָ, טיפזיניקע, צויבערפולע סוידעס),
האָב איך דען ניט געוואָרפן אַלץ, וואָס פריִער
געוווסט, געליבט, און וואָס כ'האָב הייס געגלייבט,
בין איך דען מונטער ניט אוועק נאָך אים
אָן ווידער־וואָרט, ווי דער, וואָס האָט געבלאָנדזשעט,
און א באגעגנטער אים ווײַזט אן אנדער ריכטונג.
מיט שטענדיקײַט, מיט אָנגעשטרענגט־באמיטער,
האָב איך לעסאָפּ אין קונסט, וואָס איז אומענדלעך,
דערגרייכט א הויכע שטופע, און דער רום
האָט מיר געטאָן א שמייכל; און מענטשן־הערצער
פאר מײַנע ווערק א מיטקלאנג כ'האָב געפונען.
און גליקלעך כ'בין געווען, און פארגעניגן
געשעפּט פון אייגענער מי, דערפאָלג און רום,
און אויך פון ארבעט און דערפאָלג פון פרײַנט,
כאווײרים מײַנע אין דער שיינער קונסט.
ניין! קיינמאָל כ'האָב פון קינע ניט געוווסט.
אָ, קיינמאָל ניט! ניט דאן, ווען ס'האָט פּיטשיני [2]
געפאנגען דעם געהער פון די פאריזשער,
ניט דאן, ווען כ'האָב דערהערט צום ערשטן מאָל
פון „איפיגעניע“ די אָנהייב־קלאנגען [3].
ווער זאָגן ווער — סאליערי מיט זײַן שטאָלץ
געווען איז ווען א מיִעסער ניטפארגינער?
א שלאנג, וואָס מענטשן זי צעטרעטן, וואָס זאמד

1. גליוק (1787 — 1714) — באוווסטער דײַטשישער קאָמפּאָזיטער, וועלכער האָט נײַס ארײַנגעטראָגן אין דער אָפּערישער קונסט.

2 פּיטשיני ניקאָלאָ — איטאליענישער קאָמפּאָזיטער.

3 „איפיגעניע אין אווליד ע“ און „איפיגעניע אין טאווריד ע“ — גליוקס צוויי בעסטע אָפּערעס.



און שטויב באם לעבן פרעסט אין אָנמאכט?
ניט קיינער! און איצט וועל איך אליין דאָס זאָגן.
איך בין הײַנט א מיסקאנע, כ'בין טיף מעקאנע,
כ'בין ווייטעקדיק מעקאנע. אָ, הימל!
ווו ז'יוישער, ווען דער הייליקער געשאנק,
ווען גערינעס אייביקע, ניט אלס באלוינג
פאר ליבע הייסער, מי און אָפּפער־גרייטקײַט,
פאר טרײַהײַט, פאר געבעט דאָ ווערט געשיקט, —
נאָר זי באשײַנט דעם קאָפּ גאָר פון א כאָסער־דייע,
א ווילדן ליידיקגייער! אָ, מאָצארט, מאָצארט!
(עס גייט ארײַן מאָצארט).

מאָצארט.

אהא! דו האָסט דערזען! איך האָב געוואָלט
מיט א קאטאָוועס דיך מעכאבעד זײַן.

סאליערי.

יסט דאָ! שוין לאנג?

מאָצארט.

אָקאָרשט. איך בין געגאן צו דיר,
געטראָגן האָב איך עפּעס דיר באווײַזן;
איך גיי פארבײַ א שענקל, און פּלוצעם
כ'דערהער א פידל... ניין מײַן פרײַנט, סאליערי!
האָסט אזא לעכערלעכע זאַך אין לעבן
נאָך ניט געהערט... א בלינדער פידלער אין א שענק
געשפּילט האָט voi che sapete [1]. א וווּנדער!
איך האָב ניט אויסגעהאלטן, געבראכט דעם פידלער,

1 דער אָנהייב פון אן אריע אין מאָצארטס „פיגאראָ“.

אויכ דיכ סעכאבעד זײַנ מיט קונסט מיט זײַנער.
ארײַנ!

(עס גייט ארײַנ א בלינדער זאָקנ מיט א פידל).

פונ מאָצארטנ אונדז עפּעס!

(דער זאָקנ שפּילט אנ אריע פונ דאָנ־זשואנ [1]. מאָצארט קײַכט פונ געלעכטער).

ס א ל י ע ר י.

דו קאָנסט דערבײַ נאָכ לאכנ?

מ אָ צ א ר ט.

אכ, סאליערי!
אונ דו אליינ, דו לאכסט דענ נים?

ס א ל י ע ר י.

ניינ!
מיר לאכט זיכ ניט, ווענ כ'זע, א טויגעניכטס
א מאליער שמירט מיר ראפאעלס מאדאָנע [2].
מיר לאכט זיכ ניט, ווענ כ'זע, א לעצ
א מיִעסער ווארפט אומקאָוועד אפ אליגיערי! [3]
ארויס, דו זאָקנ!

מ אָ צ א ר ט.

ווארט אויסעט, נא דיר,
טרינק פאר מײַנ געזונט!

(דער זאָקנ גייט אוועק).

1 „דאָנ־זשואנ" — מאָצארטס אנ אָפּערע (1787), אפ דער זעלבער טעמע, וואָס פושקינס „שטיינערנער גאסט".

2 מאדאָנע — א בילד פונ דער הייליקער מוטער. באזונדערס זײַנענ באוווסט די מאדאָנעס פונ דעמ איטאליענישנ קינסטלער ראפאעל (1520 — 1483).

3 דאנטע אליגיערי (1321 — 1265) — בארימטער איטאליענישער פּאָעט, דער אווטער פונ דער „געטלעכער קאָמעדיע".



דו, סאליערי,
ביסט שלעכט געשטימט הײַנט. איכ וועל
אנ אנדערש מאָל צו דיר ארײַנגיינ.

ס א ל י ע ר י.

וואָס האָסטו געבראכט?

מ אָ צ א ר ט.

עט, עט, א קלייניקײַט. באנאכט אנומלט,
מײַנ שלאָפלאָזיקײַט האָט ווידער מיכ געפּײַניקט,
איז מיר ארײַנ אינ קאָפּ א פּאָר געדאנקענ.
איכ האָב זיי אָנגעוואָרפנ הײַנט. ס'האָט זיכ פארוואָלט
דײַנ מיינונג אויסצוהערנ. נאָר איכ זע,
איכ גיי דיר איצט ניט אָנ.

ס א ל י ע ר י.

אכ, מאָצארט, מאָצארט!
ווענ גייסטו מיר ניט אָנ? נו, זעצ זיכ צו,
איכ הער דיכ.

מ אָ צ א ר ט (בא דער פאָרטעפּיאנע).

נו, שטעל דיר פאָר!... נו, ווער?
נו, לאָז זײַנ מיכ — א ביסעלע נאָר ייִנגער,
פארליבט דערבײַ, ניט איבעריק, נאָר לײַכט;
אונ מיט א פרוי, אָדער א פרײַנט, ווי דו,
כ'בינ פריילעכ... פּלוצעמ — פונ יענער וועלט א זעונג,
א פּלוצעמדיקער כוישעכ אוכעדוימע...
נו, הער־זשע אויס!

(שפּילט).



927—10

סאליערי.

דערמיט געגאנ צו מיר
און האָסט געקאָנט זיך אָפּשטעלן באַם שענקל,
און אויסהערן א בלינדן פידלער! גאָט! גאָט!
ביסט, מאָצארט, זיך אליינ ניט ווערט.

מאָצארט.

וואָס איז, ס׳איז גוט?

סאליערי.

ווי טיפזיניק עס איז!
אזא מינ דרייסטקייט און אזוי הארמאָניש!
דו, מאָצארט, ביסט א גאָט און ווייסט דערפונ נימ.
איך ווייס עס יאָ.

מאָצארט.

וואָס, אנ עמעס? אלצ קאָנ זייַנ...
מייַנ גאָט איז אָבער הונגעריק געוואָרנ.

סאליערי.

אָט פאָלג מיך, לאָמיר עסנ הייַנט אינייינעם
אינ שענקל „פונ דעם גאָלדענעם לייב”.

מאָצארט.

כ׳בינ מאסקים;
יאָ, גוט. נאָר וואַרט, איך לויפ אהיימ צום ווייַב,
איר זאָגנ, אז זי זאָל אפ מיר ניט ווארטנ
מיט מיטיק עסנ.

(לאָזט זיך גיינ).



סאליערי.

איך ווארט אפ דיר; געדענק.
ניינ! כ׳קאָנ ניט ווידערשטיינ דעם גורל מייַנעם.
אימ אָפּצושטעלנ בינ איך אויסדערוויילט,
אניט איז גייענ אלע מיר פארלוירנ,
מיר אלע, פונ מוזיק די פריסטער און די דינער,
ניט איך אליינ מיט רומ מיט בלייכער מייַנער...
וואָס נוצט, אויב מאָצארט וועט נאָך ווייַטער לעבנ,
און צו א נייַער הייך וועט נאָך דערגרייכנ?
וועט ער דערמיט די קונסט דערהייבנ? ניינ!
די קונסט וועט פאלנ, ווענ ער וועט פארשווינדנ.
קיינ יורעש וועט ניט איבערלאָזנ ער.
וואָס נוצט ער אונדז? באוויזנ זיך א קרוב[1],
און עטלעכע געבראכט גאניידנ־לידער,
קעדיי א רודער טאָנ אָנמעכטיקע פארלאנגענ
אינ אונדז, די זינ פונ שטויב, אום באלד זיך אָפּצוטאָנ!
טאָ פלי אוועק! וואָס גיכער, איז נאָך בעסער.
דער סאמ, די לעצטע גאָב פונ מייַנ איזאָרא —
שוינ אכצנ יאָר טראָג איך אימ אומ מיט זיך,
און אָפּט פונ יענער צייַט האָט אויסגעזוענ
דאָס לעבנ, ווי א ווונד. כ׳בינ אָפּט געזעסנ
מיט פייַנט מיט זאָרגלאָזנ באנאנד באַם טיש,
און ניט געהאָרכט די שטימ פונ דעם ניסויענ
נאָך קיינמאָל, כאָטש קיינ פאכדנ בינ איך ניט,
כאָטש א באליידיקונג דערפיל איך טיפ נאָך,
דאָס לעבנ ליב איך קנאפ. זיך ניט געאייַלט,
ווענ דאָרשט צום טויט האָט מיך געפּייַניקט.
געדאכט: ווארט אויס מיט שטארבנ! עפּשער ברענגט

[1] Херувим.

דאָס לעבן מײַנס מאטאָנעס אומדערוואַרטע.
ס'וועט עפּשער מיך באַזוכן נאָך אַ פרייד,
אַ נאַכט, פול שאַפונג און באַגײַסטערונג.
אַ נײַער הײַדן[1] וועט עפּשער שאַפן נאָך
אַ ווערק אַ גרויס, און כ'וועל דערקוויקן זיך...
ווען כ'האָב מיט אַ פאַרהאַסטן גאַסט געטרונקען,
האָב איך געקלערט: ס'קאָן זײַן, מיר שטייט נאָך פאָר
אַ פײַנט אַ ערגערן באַגעגענען!
אַ שווערערע באַליידיקונג נאָך קאָן
פון גײַוועדיקער הייך דיר פאַלן —
דאַן בלײַבסטו ניט אָן נוץ, איזאָראַס גאָב...
כ'האָב רעכט געהאַט! כ'האָב מיטאַמאָל מײַן פײַנט
געפונען הײַנט. און אויך אַ נײַער הײַדן
מיך האָט מיט וווּנדערלעכער פרייד דערקוויקט!
אָ, איצט איז צײַט! אָ, הייליקער געשאַנק
פון ליבע! גיס אויס זיך אינעם קאָס פון פרײַנטשאַפט.

## צווייטע סצענע.

אַ באַזונדער צימער אין שענק; קלאַוויר. מאָצאַרט און סאַליערי באַם טיש.

סאַליערי.

וואָס ביסטו הײַנט אַזוי פאַרזאָרגט?

מאָצאַרט.

איך? ניין!

סאַליערי.

דו ביסט אַוודאי אויפגערעגט פון עפּעס.

1 הײַדן יאָסיף (1809—1732)— באַרימטער דײַטשישער קאָמפּאָזיטאָר.



אַ גוטער מיטיק, פײַנער שטאַרקער ווײַן,
און דו ביסט שטום און טרויעריק.

מאָצאַרט.

דעם עמעס?
מ . עקוויִעם[1] ניט לאָזט צורו מיך.

סאַליערי.

אַ,
דו שרײַבסט אַצינד אַ רעקוויִעם? און לאַנג שוין?

מאָצאַרט.

האָב איך דיר ניט געזאָגט דען?

סאַליערי.

ניין!

מאָצאַרט.

טאָ הער נאָר.
אַ וואָכן דרײַ צוריק, כ'בין שפּעט געקומען
אַהיים. דערוויס איך זיך, אַרײַנגעגאַנגען
איז עמעצער צו מיר. נאָך וואָס — איך ווייס ניט.
דורך נאַכט געקלערט האָב איך, ווער קאָן דאָס זײַן?
וואָס דאַרף ער מיך? דעם צווייטן טאָג דער זעלבער
האָט ווידער מיך געזוכט און ניט געטראָפן.
דעם דריטן טאָג, כ'האָב אָפּן דיל געשפּילט

1 רעקוויִעם — אַ מוזיקאַל ווערק, וואָס ווערט צונויפגעשטעלט אַף די ווערטער פון דער טפילע „Requiem aeternam“ („אייביקע רו“), וואָס ווערט געשפּילט אין דער צײַט פון קאַטוילישער גאָטעסדינסט אין אָנדענק פון אַ געשטאָרבענעם.

מיט יאטל מײַנעם. גיט מענ מיכ א רופ.
איכ בינ ארויס. א מענטש, געקליידט אינ שווארצנ,
האָט העפלעכ זיכ פארנויגט, באשטעלט בא מיר
א רעקוויִעמ — אונ ווערט ניט. כ'זעצ זיכ טייקעפ
אונ הייב אָנ שרײַבנ — אונ פונ יענער צײַט
דער מענטש דער שווארצער קומט ניט מער נאָכ מיר.
אונ איכ, איכ בינ צופרידנ: ס'טוט באנק זיכ שיידנ
מיט אייגנ ווערק, האגאמ ס'איז גרייט
דער רעקוויִעמ. אונ דאָכ בינ איכ גאָר...

סאליערי.

וואָס?

מאָצארט.

איכ שעמ זיכ מוידע זײַנ דערינ...

סאליערי.

אינ וואָס דענ?

מאָצארט.

ניט טאָג, ניט נאכט ער לאָזט מיכ ניט צורו,
מײַנ שווארצער מענטש, אונ, ווי א שאָטנ, שטענדיק
יאָגט נאָכ נאָכ מיר. אויכ איצט
איז ער מיט אונדז, מיר דוכט, א דריטער גאסט
באמ טיש.

סאליערי.

גענוג שוינ: וואָס פאר קינדער־שרעקנ?
טרײַב אָפ געדאנקענ פוסטע! באָמארשע[1]

1 באָמארשע פיער — (1732—1799) — דער אויטער פונ די באוווסטע קאָמעדיעס „דער סעווילער שערער" אונ „פיגאראָס כאסענע".



פלעגט זאָגנ מיר: „הער אויסעט, פרײַנט סאליערי,
ווענ ס'קומט צו דיר א פינצטערע מאכשאָווע,
דו עפנ אופ א פלעשעלע שאמפאניער,
צי לייענ דורכ „די כאסענע פונ פיגאראָ".

מאָצארט.

יאָ, באָמארשע איז דאָכ געווענ דײַנ כאווער,
„טאראר"[1] האָסטו דאָכ פאר אימ פארפאסט.
א פײַנע זאכ. געדענקסט דאָרט איינ מאָטיוו?
איכ זינג אימ אלעמאָל, ווענ איכ בינ גליקלעכ!..
ליא־ליא־ליא־ליא... אכ, ס'אנ עמעס, זאָג, סאליערי:
אז באָמארשע האָט עמעצנ געסאמט?

סאליערי.

איכ גלייב דאָס ניט: צו לעכערלעכ געווענ
איז ער פאר אזא ארבעט.

מאָצארט.

א גאָענ דאָכ,
ווי דו, ווי איכ. געוינעס אונ פארברעכנ —
דאָס פאסט זיכ ניט צוזאמענ. וואָס? ניט עמעס?

סאליערי.

דו מיינסט אזוי?
(שיט ארײַנ דעמ סאמ אינ מאָצארטס גלאָז).
נו, טרינק שוינ...

מאָצארט.

פאר געזונט

1 „טאראר" — סאליעריס אנ אָפערע.

פאר דיינעם, פריינט, פאר הארציקן פארבאנד,
וואָס מאָצארטן פארבינדעט מיט סאליערי,
צוויי קינדער פון הארמאָניע.

(ער טרינקט).

ס א ל י ע ר י.

וואַרט אויס!
וואַרט אויס! האָסט אויסגעטרונקען שוין! אָן מיר!

מ אָ צ א ר ט.

אַן עק, שוין זאַט.

(גייט צו צום קלאַוויר).

הער נאָר אויס, סאליערי,
מיין רעקוויעם (ער שפילט).
דו וויינסט גאָר?..

ס א ל י ע ר י.

אָט די טרערן —
גאָר נייע טרערן: ווייַ און פארגעניגן,
ווי כ'וואָלט א זייער שווערן כויוו דערפילן,
ווי ס'וואָלט א הייל־מעסער מיר אָפגעהאַקט
א קראנקן גליד! פריינט מאָצארט, אָט די טרערן,
באמערק זיי ניט, שפיל ווייטער, שפיל און איַל
נאָך אָנפילן מיט קלאַנגען מיין נעשאָמע.

מ אָ צ א ר ט.

ווען אלע וואָלטן קאָנען אזוי פילן
הארמאָניע! נאָר ניין: ס'וואָלט ניט געקאָנט
די וועלט דאַן עקזיסטירן; קיינער וואָלט
געזאָרגט פאר נויטן פון דעם שאָפלדיקן לעבן,



און אלע זיך דער פרייער קונסט געאָפפערט!
געציילטע זיינען מיר, מיר, פרייע מעיוכאָסים,
וואָס מאכן גרינג אוועק די מיעסע נוצן,
פון ריינער שיינהייט קויהאַנים געטרייע.
אזוי דאָך? נאָר איך בין היינט ניט געזונט,
מיר ז'עפּעס שווער; כ'וויל גיין א דרעמל טאָן.
אַדיע, פריינט!

ס א ל י ע ר י.

גיי געזונט.

(אליין)

אַף לאַנג שוין שלאָפסטו איין, אָ, מאָצארט!
צי דען גערעכט איז ער,
און כ'בין קיין גאָען: געווינעס און פארברעכן —
ניט פאסן זיך צוזאמען. ס'איז א ליגן:
און באָנאראָטי?[1] איז דאָס בלויז א מייסע
פון טעמפּן אומזין פון האמוין, און ניט
קיין מערדער איז פון וואַטיקאַן דער שעפער?

---

1 ב ו אָ נ א ר אָ ט י, מ י ק ע ל א נ ד ז ש ע ל אָ (1475 — 1564). געניאַלער איטאליענישער קינסטלער, מאָלער און ארכיטעקטער, בויער פונעם סאָבאָר פונעם הייליקן פעטער אין וואַטיקאַן (נעבן רוים). מע האָט וועגן אים דערציילט, אַז, מאָלנדיק א בילד פונעם געקרייציקטן יעזוס, האָט ער געהייסן, קלוימערשט, קרייציקן א לעבעדיקן מענטשן, כדי פינקטלעכער איבערגעבן דעם אויסדרוק פון אזוינעם, וואָס שטאַרבט.



# דער שטיינערנער גאסט.

LEPORELLO:
O statua gentilissima
Del gran' Commendatore!..
.. Ah, Padrone!
*Don Giovanni*[1].

## סצענע I.

דאָן הואַן[2] און לעפּאָרעלאָ.

### דאָן הואַן.

מירן וואַרטן דאָ אַף נאַכט. אוּף! ענדלעך
האָבן מיר דערגרייכט דעם טויער פון מאַדריד![3]

---

1 לעפּאָרעלאָ. אָ, אַלערליבסטע סטאַטוּע פונעם גרויסן קאָמאַנדאָר... אַך, מײַן האַר! „דאָן־זשואַן“. (פון מאָצאַרטס אָפּערע „דאָן־זשואַן“).

2 דאָן הואַן (ריכטיקער דאָן כואַן) — פּושקין מאָלט דעם העלד פון דער שפּאַנישער לעגענדע, וועלכער איז בײַ אונדז מער באַוווּסט אין דער פראַנצויזישער פאָרם „דאָן־זשואַן“ — אַן אויסגעלאַסענער מאַן, וואָס איז אַם אַ וווּנדערלעכן אויפן באַשטראָפט געוואָרן דורך דער לעבעדיק־געוואָרענער סטאַטוּע פון דעם קאָמאַנדאָר, וועלכן ער האָט געהאַרגעט.

3 מאַדריד — די הויפּטשטאָט פון שפּאַניע.



כ׳וועל באַלד איבער באַקאַנטע גאַסן יאָגן,
די בּרעם מיטן הוט באַדעקט, די וואָנסן מיטן מאַנטל.
ווי מיינסטו, ס׳איז אוממעגלעך מיך דערקענען?

### לעפּאָרעלאָ.

יאָ, יאָ, אַ קונץ דערקענען דאָן הואַנען!
אַ טהאָם אַזעלכע איז פאַראַן!

### דאָנהואַן.

דו שפּאַסט?
נו, ווער דערקענט עס מיך?

### לעפּאָרעלאָ.

דער ערשטער וועכטער,
אַ מוזיקאַנט אַ שיקער, אַ גיטאַנע[1],
אַ קאַוואַליער — אַ כוצפּעניק, ווי דו,
אין מאַנטל, מיט אַ שווערד אונטערן אָרעם.

### דאָן הואַן.

אַן אומגליק, אויב מע וועט דערקענען! זאָל
דער קעניג נאָר מיך ניט באַגעגענען.
סײַווי, איך האָב פאַר קיינעם דאָ ניט מוירע.

### לעפּאָרעלאָ.

און מאָרגן וועט דער קעניג זיך דערוויסן,
אַז דאָן הואַן אַהער איז אייגנווילליק
געקומען פון פאַרשיקונג. זאָגט נאָר מיר,
וואָס וועט ער טאָן מיט אײַך?

---

1 גיטאַנע — (ריכטיקער כיטאַנע) — אַף שפּאַניש אַ ציגײַנערן.

דאָן הואַן

ער וועט צוריק
מיך אָפּשיקן. מע וועט געוויס ניט קעפּן.
איך בין דאָך ניט קיין מעלוכישער פאַרברעכער.
ער האָט דערווייטערט מיך אויס ליבע נאָר;
עס זאָל צורו מיך לאָזן די מישפּאָכע
פון דעם דערהאַרגעטן...

לעפּאָרעלאָ.

דאָס איז עס דאָך!
געזעסן וואָלט איר בעסער רויִק דאָרט.

דאָן הואַן

אָט פלי איך באַלד! כ'בין שיר דאָרט ניט געשטאָרבן
פון לאַנגווייל און פון אומעט. ס'אַרא מענטשן,
און ס'אַרא לאַנד, און הימלען?... פונקט ווי רויך.
און פרויען, גלייב מיר, נאַר דו, לעפּאָרעלאָ,
איך וואָלט ניט אויסגעביטן קיינמאָל, כ'לעבן,
די לעצטע פויערטע פון אַנדאַלוזיע [1]
אַפ ערשטע דאָרטיקע יעפּייפיעס.
צוערשט זיי זיינען מיר געווען געפעלן
מיט בלויקייט פון די אויגן, מיט דער ווייסקייט,
מיט דער באַשיידנקייט, און מער — מיט נייַקייט;
נאָר, גאָט צו דאַנקען, גיך זיך אָנגעשטויסן, —
איך האָב דערזען — ניט ווערט מיט זיי זיך קענען,
עס פעלט זיי לעבן — קוקלעס וואַקסענע.
און אונדזערע!.. דו הער נאָר אויס, דאָס אָרט
איז אונדז באַקאַנט; דו האָסט דערקענט עס?

---

1 אַנדאַלוזיע — אַ פּראָווינץ אין דאָרעם־שפּאַניע.



לעפּאָרעלאָ.

וואָס דען? אַנטאָניאָס מאָנאַסטיר איז מיר
באַקאַנט. מיר זיינען אָפט אַהער געפאָרן.
די פערד האָב איך געהאַלטן אין דעם וועלדל.
דעם עמעס זאָגן — אַ פאַרפלוכטע אַרבעט!
איר האָט דאָ אָנגענעמענער פאַרבראַכט,
ווי איך, געוויס.

דאָן הואַן (פאַרטראַכט).

אָ, אָרעמע אינעזע!
ניטאָ זי שוין! ווי איך האָב זי געליבט!

לעפּאָרעלאָ.

אינעזע! די שוואַרצויגיקע... כ'געדענק.
אַ כאַדאָשים דריי האָט איר געזוכט איר ליבע —
ערשט דאַן האָט אייך געהאָלפן דער ניטגוטער.

דאָן הואַן.

אין יול... באַנאַכט. אַ מאָדנעם פאַרגעניגן
געפונען כ'האָב אין איר פאַרטרויערט אויג,
אין בלייכע, טויטע ליפּן. אומפאַרשטענדלעך.
מיר דאַכט, דו האָסט זי פאַר קיין שיינהייט ניט
גערעכנט. עמעס, ווייניק איז אין איר
געווען דאָסווירקלעך שיינע. אויגן נאָר.
נאָר אויגן... און אַ בליק... אַזאַ מין בליק
כ'האָב קיינמאָל ניט באַגעגנט שוין. איר שטים
געווען איז שטיל און שוואַך, ווי בײַ אַ קראַנקער.
אַ מאַן געווען בײַ איר — אַ בייזער אויסוואורף.
כ'האָב שפּעט דערוווּסט זיך.. אָרעמע אינעזע!

לעפּאָרעלאָ.

געווען נאָך איר דאָך אנדערע.

דאָן הואַן

ס'איז עמעס.

לעפּאָרעלאָ.

און וועלן מיר לעבן, וועלן אנדערע זייַן.

דאָן הואַן.

דאָס אויך.

לעפּאָרעלאָ.

אצינד אוועלכע זוכן וועלן מיר
אין הויפּטשטאָט?

דאָן הואַן.

אָ, לאורען! גלייַך צו איר
איך לויף און וועל זיך ווייַזן.

לעפּאָרעלאָ.

דאָס איז גוט.

דאָן הואַן.

און גלייַך צו איר אין טיר — און אויב ס'איז ווער
שוין דאָ בא איר — זייַ גוט און שפּרינג אין פענצטער.

לעפּאָרעלאָ.

געוויס. מיר זייַנען ווידער פריילעך. די
פארשטאָרבענע באומרויִקן אונדז
ניט לאנג. ווער גייט עס? (עס גייט אריין א מאָנאך).



מאָנאך.

קומען וועט זי באלד
אהער. ווער איז דאָ? דאָנא אנא'ס דינערס?

לעפּאָרעלאָ.

אָ, ניין. מיר זייַנען הארן פאר זיך. מיר
שפּאצירן דאָ.

דאָן הואַן.

אף וועמען ווארט איר דאָ?

מאָנאך.

באלד קומען דארף אהער די דאָנא אנא —
אפן קייווער פון איר מאן.

דאָן הואַן.

די דאָנא אנא!
דע־סאָלווא! ווי! די פרוי פון קאָמאנדאָר[1].
געטויט האָט אים... כ'געדענק ניט ווער?

מאָנאך?

דער אויסוווּרף,
דער פאלשער אפּיקוירעס דאָן הואַן.

לעפּאָרעלאָ.

אהא! אזוי! איז וועגן אים דער קלאנג
דערגאנגען אין שטילן מאָנאסטיר אפילע,
די פרושים זינגען לויבגעזאנגען אים.

1 קאָמאנדאָר — דער עלטסטער פון דעם ריטערישן „אָרדען" (אָרדען — א פאריייניקונג פון ריטער, וואָס האָט געהאט אלגעמיינע מינהאָגים און פארפליכטונגען).

מ אָ נ א כ.

ער איז באקאנט אײַך עפשער?

ל ע פ אָ ר ע ל אָ.

ניין, אונדז? ניין!
און ווו איז ער אצינד?

מ אָ נ א כ.

ער איז ניטאָ.
ער איז גאָר ווײַט פארשיקט.

ל ע פ אָ ר ע ל אָ.

און גאָט צו דאנקען.
וואָס ווײַטער, איז אלץ בעסער. אלע זיי,
די אויסוווּרפן, ארויסוואַרפן אין יאם!

ד אָ נ ה ו א נ.

וואָס, וואָס, דו ליגנער?

ל ע פ אָ ר ע ל אָ.

שווײַגט: אומיסטן איז עס...

ד אָ נ ה ו א נ.

אָט דאָ באגראָבן איז דער קאָמאנדאָר?

מ אָ נ א כ.

יאָ, דאָ. א דענקמאָל האָט די פרוי געשטעלט אים
און קומט צו פאָרן יעדן טאָג אהער
פאר זײַן נעשאָמע בעטן בא דעם הימל,
און וויינען.



ד אָ נ ה ו א נ.

אן אלמאָנע גאָר א מאָדנע!
און זי איז שיין?

מ אָ נ א כ.

מיט פרויען־שיינקײַט מיר,
נעזירים, טאָרן ניט פארפירן זיך,
נאָר לײַגן איז א זינד, קיין צאדיק קאָן
ניט לייקענען איר ווונדערלעכע שיינקײַט.

ד אָ נ ה ו א נ.

מיט רעכט האָט דער פארשטאָרבענער געברענט
פון אייפער. אונטערן שלאָס האָט ער געהאלטן זי,
ס'האָט קיינער זי ביז הײַנט נאָך ניט געזען.
מיט איר צו שמועסן וואָלט איך זייער וועלן.

מ אָ נ א כ.

אָ, דאָנא אנא קיינמאָל רעדט ניט מיט
קיין מאנצבל.

ד אָ נ ה ו א נ.

און מיט אײַך, מײַן פאָטער, רעדט זי?

מ אָ נ א כ.

מיט מיר איז אנדערש — כ'בין דאָך א מאָנאך.
אָט איז זי. (עס גייט ארײַן ד אָ נ א א נ א).

ד אָ נ א א נ א.

עפנט מיר די טיר, מײַן פאָטער.

מאָנאַכ.

סעניאָרא, באַלד! איכ האָבּ אפּ אײַכ געוואַרט.

דאָנא אנא גײט נאָכנ מאָנאַכ.

לעפּאָרעלאָ.

נו, ווי געפינט איר זי?

דאָנ הואַנ.

מע זעט זי ניִט,
דאָס טונקעלע אַלמאָנע־קלײד פאַרשטעלט זי,
איר שמאָלע פּיאַטקע האָבּ איכ קאַם באַמערקט.

לעפּאָרעלאָ.

דאָס איז גענוג. די פאָרשטעלונג בּאַ אײַכ
דערמאָלנ וועט דאָס איבּעריקע באַלד;
זי איז בּאַ אײַכ דאָכ פלינקער פונ א קינסטלער,
ס'איז אײַכ אַלצײנס, פונ וואָס צו אָנהײבּנ,
פונ בּרעמ צי פונ די פיס.

דאָנ הואַנ.

הער, לעפּאָרעלאָ,
איכ וועל מיט איר באַקענענ זיכ.

לעפּאָרעלאָ.

אַזוי גאָר!
ס'איז זײער נײטיק אים! — דעם מאַנ געטויט,
איצט וויל ער זענ אויכ דער אַלמאָנעס טרערנ.
געוויסנלאָזער!



דאָנ הואַנ.

דאָכ, עס איז שוינ נאַכט.
בּיז די לעוואָנע איז ניט אופגעגאַנגענ,
מיר וועלנ אינ מאַדריד אַרײַנ. (אָפּ).

לעפּאָרעלאָ (פאַר זיכ).

א גראַנד [1]
א שפּאַנישער, פונקט ווי א גאַנעוו,
וואַרט אָפּ די נאַכט, האָט מוירע פאַר דער שײַנ.
אָ, גאָט! פאַרשאָלטנ לעבּנ! ווי לאַנג מיט אים
זיכ מאַטערנ! קײנ קויעכ שוינ ניטאָ!

## סצענע II.

א צימער. וועטשערע בּאַ לאַורענ.

ערשטער גאַסט.

לאַורע, כ'שווער דיר, קײנמאָל האָסטו מיט
אַזא פאָלקאָמענהײַט נאָכ ניט געשפּילט.
ווי ריכטיק האָסט די ראָל דײַנע פאַרשטאַנענ!

צווײטער.

ווי גוט האָסטו אַנטוויקלט זי! ווי קרעפטיק!

דריטער.

און פול מיט קונסט!

---

[1] גראַנד — אַנ ערנ־טיטול אינ שפּאַניע, וואָס האָט געהערט צו די פאָר־שטײער פונ דער העכערער אַריסטאָקראַטיע.

לאורע.

יאָ, אײַנגעגעבן האָט זיך
מיר הײַנט באַוועגונג יעדע, יעדער וואָרט,
דעם גײַסט האָב איך זיך פרײַ איבערגעגעבן,
און ווערטער פליסן גלײַך, ווי זיי געבוירן האָט
ניט קנעכטישער זיקאָרן, נאָר דאָס הארץ...

ערשטער.

ס'איז עמעס.

ס'גלאַנצן איצט נאָך דײַנע אויגן,
די באַקן פלאַמען — די אַנציקונג גייט
בא דיר ניט דורך, לאורע. לאָז זי ניט
אומנוצלעך אָפּקילן. לאורע, זינג,
נו, זינג אונדז עפּעס.

לאורע.

גיט מיר די גיטאַרע. (זינגט).

אלע.

O, brava! brava![1] אויסגעצייכנט! וווּנדערבאַר!

ערשטער.

א דאַנק דיר, צויבערן, דאָס הארץ האָסטו
פאַרקישעפט אונדז. פון לעבן־פאַרגעניגנס
איז נאָר די ליבע גרעסער פון מוזיק.
די ליבע איז דאָך אויך געזאַנג... דו זע:
אויך קאַרלאָס איז גערירט, דײַן בייזער גאַסט.

---

1 brava — דאָס זעלבע, וואָס בראַוואָ.



צווייטער.

וואָס פאַרא קלאַנגען! פול מיט הארציקײַט!
לאורע, וועמעס ווערטער?

לאורע.

דאָן הואַנס.

דאָן קאַרלאָס.

וואָס? דאָן הואַן!

לאורע.

זיי האָט פאַרפאַסט אַמאָל
מײַן טרײַער פרײַנט, מײַן פליטישער געליבטער.

דאָן קאַרלאָס.

אַן אַפּיקוירעס און א לײַדאַק איז ער,
דײַן דאָן הואַן, און דו — א נאַר!

לאורע.

ביסט דול!
און כאָטש א גראַנד ביסטו א שפּאַנישער,
דאָך הייס איך מײַנע דינערס שעכטן דיך.

דאָן קאַרלאָס (שטייט אויף).

נו, רופֿ־זשע זיי, נו, רופֿ.

ערשטער.

הער אויף, לאורע!
דאָן קאַרלאָס, זײַ ניט בייז, זי האָט פאַרגעסן...

לאורע.

וואָס? וואָס הואנ האָט ערלעכ אינ דועל
געטויט זײַנ אייגענעם ברודער? יאָ, ס'א שאָד נאָר,
ניט אים אליינ.

דאָנ קארלאָס.

א בייזער נאר בינ איכ.

לאורע.

אהא! דו אנערקענסט, דו ביסט א נאר.
איז ווידער שאָלעם.

דאָנ קארלאָס.

ס'איז מײַנ שולד, לאורע,
אנטשולדיק מיכ, דו ווייסט דאָכ: אָט דעם נאָמענ
איכ קאָנ גלײַכגילטיק מער ניט הערנ שוינ.

לאורע.

בינ איכ דענ שולדיק, וואָס א־יעדער רעגע
דער נאָמענ שווימט ארופ מיר אפ דער צונג?

גאסט.

אלס צייכנ, אז דו ביסט שוינ ניט בארויגעז,
לאורע, זינג נאָכ עפּעס.

לאורע.

יאָ, צום אָפּשייד.
ס'איז צײַט, שוינ נאכט. נו, וואָס־זשע זינגט מענ אײַכ?
אָ, הערט נאָר. (זינגט).



אלע.

אויסגעצייכנט! ווונדערבאר!

לאורע.

נו, הארנ, זײַט געזונט.

געסט.

אדיע, לאורע.

(גייענ ארויס. לאורע שטעלט אָפּ דאָנ קארלאָסנ).

לאורע.

דו בלײַב בא מיר, מעשוגענער דו איינער,
ביסט מיר געפעלנ, דאָנ הואנענ האָסטו
דערמאָנט מיר, ווענ דו האָסט געזידלט מיכ
אונ האָסט פארקלעמט די ציינ מיט קריצ.

דאָנ קארלאָס.

אימ גליקט!

דו האָסט אמאָל געליבט אימ?

(לאורע מאכט א באשטעטיקונג־צייכנ).

זייער?

לאורע.

זייער.

דאָנ קארלאָס.

אונ ליבסט אימ איצט?

לאורע.

אָט פּונקט אינ דער מינוט?
איצט? ניינ, איכ טאָר קיינ צוויי ניט ליבנ. דיכ
איצט האָב איכ ליב.

דאָנ קארלאָס.

דו זאָג נאָר מיר, לאורע,
ווי אלט ביסטו שוינ איצט?

לאורע.

שוינ אכצנ יאָר.

דאָנ קארלאָס.

א יונגע ביסטו... אונ וועסט זײַנ א יונגע
נאָכ א יאָר פינפ צי זעקס. אונ ארומ דיר
וועלנ זיי זיכ א יאָר זעקס ארומדרייענ
אונ ליבנ, צערטלענ אונ באַשענקענ דיכ,
באנאכט מיט סערענאדעס[1] פריילעכ מאכנ
אונ איינס דעמ צווייטנ טויטנ איבער דיר
באנאכט אפ ראָגנ פונ די גאסנ. ווענ
עס וועט אוועק דײַנ צײַט, אונ ס'וועלנ
די אויגנ דײַנע אײַנפאלנ, די וויִעס
פארקנייטשנ וועלנ זיכ אונ ווערנ שווארצ,
אונ ווענ די צאָפ בא דיר וועט ווערנ גראָוו,
אונ אלע וועלנ רופנ דיכ — די אלטע,
וואָס וועסטו זאָגנ דאנ?

לאורע.

דאנ? צוליב וואָס
וועגנ דעמ איצט טראכט? וואָס פאר א געשפרעכ?
דאָס זײַנענ דײַנע שטענדיקע געדאנקענ?
גיי — עפנ דעמ באלקאָנ. ס'איז שטיל דער הימל!

1 סערענאדע — א ליד, וואָס מע זינגט באנאכט. אינ שפאניע איז אָנגענומענ זינגענ סערענאדעס אונטער די פענצטער פונ דער געליבטער פרוי.



באוועגלעכ איז די לופט — מיט לימענע
אונ לאָרבער שמעקט די נאכט, אונ די לעוואָנע —
זי שײַנט אפ דער געדיכטער, טונקלער בלויקײַט,
אונ וועכטערס שרײַענ לאנג־געצויגנ: קלאָר![1]
אונ ערגעצ ווײַט אפ צאָפנ — אינ פאריזש —
איז עפשער וואָלקנדיק דער הימל, ס'גייט
א קאלטער רעגנ דאָרט, אונ ס'בלאָזט א ווינט —
וואָס זאָל עס ארנ אונדז? דו הער נאָר, קארלאָס,
איכ פאָדער, זאָלסט א שמייכל טאָנ, דו הערסט...
אָט זעסטו!

דאָנ קארלאָס.

ליבער דעמאָנ! (מע קלאפט).

דאָנ הואנ.

היי, לאורע!

לאורע.

ווער איז דאָרט? וועמעס שטימ איז עס?

דאָנ הואנ.

נו, עפנ...

לאורע.

צי דענ!... מײַנ גאָט!...

(עפנט די טיר. עס גייט ארײַנ דאָנ הואנ).

1 די נאכט־וועכטער אינ שפאניע פלעגנ אויסרופנ, וויפל האלט דער זייגער, אונ פלעגנ מעלדנ וועגנ דעמ צושטאנד פונעמ וועטער. בא דער געוויינלעכער לויטערקײַט פונעמ דאָרעמדיקנ קלימאט איז זייער געוויינלעכער אויסגעשריי געווענ „קלאָר".

ד אָ נ  ה ו א נ.

א גוטער...

ל א ו ר ע.

דאָנ הואנ!..

(לאורע ווארפט זיכ אים אפנ האלדז).

ד אָ נ  ק א ר ל אָ ס.

וואָס! דאָנ הואנ!

ד אָ נ  ה ו א נ!

לאורע, ליבער פרײַנט!.. (קושט זי).
ווער איז בא דיר, לאורע מײַנע?

ד אָ נ  ק א ר ל אָ ס.

איכ,

דאָנ קארלאָס.

ד אָ נ  ה ו א נ.

אָ, ביז גאָר אנ אומגעריכטע
באגעגעניש! כ׳בינ מאָרגנ גרייט זיכ שלאָגנ.

ד אָ נ  ק א ר ל אָ ס.

ניינ!

טייקעפ — באלד.

ל א ו ר ע.

הערט אופ, דאָנ קארלאָס, איר
זײַנט ניט אינ גאס, איר זײַנט בא מיר — דעריבער
ארויסגיינ בעט איכ אײַכ.



ד אָ נ  ק א ר ל (הערט זי ניט).

איכ ווארט. נו, וואָס,
האָסט דאָכ בא זיכ די שפאגע!

ד אָ נ  ה ו א נ.

אויב דו קאָנסט
ניט אויסווארטנ, איז ביטע. (זיי שלאָגנ זיכ).

ל א ו ר ע.

איַי! איַי! הואנ!..
(זי ווארפט זיכ אינ בעט. ד אָ נ  ק א ר ל אָ ס פאלט אומ).
שטיי אופ, לאורע, שוינ.

ל א ו ר ע.

וואָס איז דאָרט, א?
דערהארגעט? גוט! אינ צימער מײַנעמ! וואָס
זאָל איכ איצט טאָנ, דו לײַדאק, טײַוול איינער?
ווו זאָל איכ אימ ארויסווארפנ?

ד אָ נ  ה ו א נ.

אונ עפשער
איז ער נאָכ לעבעדיק. (באטראכט דעמ קערפער).

ל א ו ר ע.

יאָ! לעבעדיק!
פארפלוכטער,
דו האָסט גלײַכ אינ הארצ געטראָפנ אימ.
עס רינט אפילע ניט דאָס בלוט פונ ווונד,
דאָכ אָטעמט ער שוינ ניט — נו, ווי?

ד אָ נ ה ו א נ.

וואָס טוט מענ?

ער האָט אליינ געוואָלט.

ל א ו ר ע.

עכ, דאָנ הואנ.
פארדריסלעכ, כ'לעבנ, שטיפערייִענ שטענדיקע —
אונ אלצ ניט שולדיק... אונ פונוואנענ ביסטו!
אונ לאנג ביסטו שוינ דאָ?

ד אָ נ ה ו א נ.

כ'בינ ערשט געקומענ,
אונ אויכ געהיימ — איכ טראָג דאָכ נאָכ מייַנ שטראָפ.

ל א ו ר ע.

אונ האָסט זיכ באלד דערמאָנט אינ דייַנ לאורענ?
וואָס גוט — איז גוט. נאָר כ'גלייב ניט. כ'מיינ, אזוי
גאנצ צופעליק ביסטו פארבייַגעגאנגענ
אונ האָסט מייַנ הויז דערזענ.

ד אָ נ ה ו א נ.

ניינ, ניינ, לאורע,
דו פרעג בא לעפּאָרעלאָנ. כ'שטיי אינ א
פארפלוכטנ הייַזל הינטערנ שטאָט. געקומענ
לאורענ זוכנ אינ מאדריד.

(קושט זי).

מייַנ פרייַנט!..
ווארט אויס! דער טויטער ליגט!... וואָס טוט מענ דאָ?



ד אָ נ ה ו א נ.

דו לאָז אימ ליגנ — פרי, פארטאָג, וועל איכ אימ
ארויסטראָגנ פונ שטוב אונטערנ מאנטל
אונ אפנ ראָג פונ גאס אנידערלייגנ.

ל א ו ר ע.

דו היט זיכ — זע, מע זאָל דיכ ניט דערזענ.
ווי גוט האָסטו געטאָנ, וואָס מיט א רעגע
ביסט פריִער ניט געקומענ! דייַנע פרייַנט
האָבנ אָוונטברויט בא מיר געגעסנ — ערשט
צעגאנגענ זיכ. ווענ דו וואָלסט טרעפנ זיי!

ד אָ נ ה ו א נ.

לאורע, זאָג נאָר מיר, שוינ לאנג דו ליבסט אימ?

ל א ו ר ע.

וואָס? ווענמענ? רעדסט פונ היצ.

ד אָ נ ה ו א נ.

דו זייַ זיכ מוידע,
אונ וויפל מאָל האָסטו פאראטנ מיר,
ווענ איכ בינ ניט געווענ?

ל א ו ר ע.

אונ דו, מייַנ שטיפער?

ד אָ נ ה ו א נ.

דו זאָג נאָר... ניינ, מירנ שפּעטער איבעריידנ!

## סצענע III.

דעם קאָמאַנדאָרס מאָנומענט.

ד אָ נ  ה ו א נ.

אַלץ גייט צום בעסטנ. אומדערוואַרט כ'האָב קאַרלאָסנ
געטויט, זיכ דאָ באַהאַלטנ, ווי א פּאָרוש
א שטילער. טאָג נאָכ טאָג איכ זע די שיינע
אַלמאָנע מײַנע — ס'דאַכט, זי האָט אויכ מיכ
באַמערקט. ביז איצט מיר האָבנ זיכ געבערעקלט,
נאָר הײַנט וועל איכ פאַרפירנ א געשפּרעכ
מיט איר. ס'איז צײַט. פונ וואָס נאָר אָנהייבנ?
„כ'דערוועג זיכ"... אָדער ניינ: „סעניאָרא"... א!
וואָס ס'וועט אינ קאָפּ מיר קומענ, וועל איכ זאָגנ,
גאָר ניט געגרייט, ווי אַנ אימפּראָוויזאַטער[1];
כ'וועל זינגענ איר א ליבע־ליד... שוינ צײַט,
אַז זי זאָל אָנקומענ אַהער. איכ מיינ,
אָנ איר זיכ לאַנגווײַלט דאָ דער קאָמאַנדאָר.
ווי ריזיק איז ער פאָרגעשטעלט אָט דאָ!
וואָס פאַרא אַקסלענ! ס'אַרא הערקולעס![2]
ער איז געווענ אינ לעבנ נישטיק, קליינ,
אונ וואָלט ער אַפּ שפּיצפינגער דאָ זיכ שטעלנ,
וואָלט ער ביזנ נאָז ביז זײַנעם ניט דערלאַנגט.
ווענ מיר האָבנ זיכ באַם עסקוריאַל[3] געשלאָגנ,
האָט ער זיכ אַפּ מײַנ שפּאַגע אָנגעשטאָכנ, אונ

---

1 א י מ פּ ר אָ ו ו י ז א ט ע ר — א פּאָעט, אָדער א מוזיקאַנט, וואָס פאַרפאַסט די לידער אָדער די מוזיק אַפּנ אָרט אָנ א שום צוגרייטונג.

2 ה ע ר ק ו ל ע ס — א העלד פונ דער גריכישער מיטאָלאָגיע — א גרויסער גיבער.

3 ע ס ק ו ר י א ל — דער נאָמענ פונ א מאָנאַסטיר אונ א פּאַלאַץ פּופציק קי־לאָמעטער פונ מאַדריד.



פאַרגליווערט, ווי א זשוקל אַפּ א שפּילקע —
נאָר שטאָלצ איז ער געווענ, אונ דרייכט, אונ קאַלט...
אָט איז זי.

(עס גייט אַרײַנ ד אָ נ א  א נ א).

ד אָ נ א  א נ א.

ווידער איז ער דאָ. מײַנ פאָטער,
איכ האָב צעשטרײַט אײַכ אײַערע געדאַנקענ,
אַנטשולדיקט.

ד אָ נ  ה ו א נ.

ניינ, אַנטשולדיקונג בא אײַכ,
סעניאָרא, דאַרפ איכ בעטנ. כ'שטעד געוויס אײַכ
דעמ ט־ויער אײַערנ אַרויסבאַוויַיזנ.

ד אָ נ א  א נ א.

אָ, ניינ, דער טרויער איז אינ מיר, מײַנ פאָטער.
אינ אײַער אָנוועזנהײַט מײַנ טפילע קאָנ
זיכ שטיל דערהייבנ צו דעמ הימל. כ'בעט אײַכ,
פאַרייניקט אײַער שטימ מיט מײַנע טפילעס.

ד אָ נ  ה ו א נ.

מיט אײַכ זאָל איכ עס בעטנ, דאָנא אַנא!
איכ בינ ניט ווערט אַזאַמינ גורל, כ'האָב
קיינ האָזע ניט מיט ליפּנ זינדיקע
דאָס הייליקע געבעט אַרויסצוברענגענ.
מיט ערפּוכט פונדערווײַטנ קוק איכ נאָר,
ווי, שטיל זיכ אָנגעבויגנ צו דעמ דענקמאָל,
די שוואַרצע האָר אַפּנ בלײַכנ מאַרמער איר
צעשיט — אונ ס'דאַכט זיכ מיר, עס האָט געהיימ

באזוכט א מאלעכ אָט דעם קייוועד. דענסטמאָל
געפינ איכ ניט אינ דעם צעמישטנ הארצנ
קיינ טפילעס מער, נאָר שטיל איכ קוק אונ טראכט —
ס'איז גליקלעכ דער, אוועמעס קאלטער מארמער
איז מיט איר אָטעם הימלישנ דערוואדעמט
אונ איז באנעצט מיט טרערנ פונ איר ליבע.

ד אָ נ א  א נ א.

וואָס פארא רייד! גאָר מאָדנע רייד!

ד אָ נ  ה ו א נ.

סעניאָרא?

ד אָ נ א  א נ א.

צו מיר... איר האָט פארגעסנ.

ד אָ נ  ה ו א נ.

וואָס? וואָס כ'בינ
אנ אומווירדיקער פאָרוש? אז מײַנ שטימ,
די זינדיקע, זי טאָר דערהערט ניט ווערנ?

ד אָ נ א  א נ א.

עס האָט זיכ מיר געדאכט... כ'האָב ניט פארשטאנענ...

ד אָ נ  ה ו א נ.

איכ זע: שוינ אלצ, שוינ אלצ האָט איר דערוווסט זיכ!

ד אָ נ א  א נ א.

דערוווסט זיכ, וואָס?

ד אָ נ  ה ו א נ.

איכ בינ ניט קיינ מאָנאכ,
איכ בעט בא אײַכ פארגעבונג אפ די קני...



ד אָ נ א  א נ א.

אָ, גאָט! שטייט אופ, שטייט אופ... ווער זײַנט איר עס?

ד אָ נ  ה ו א נ.

א קאָרבנ כ'בינ פונ האָפנונגלאָזער ליבע.

ד אָ נ א  א נ א.

מײַנ גאָט! אונ אלצ אָט דאָ, בא אָט דעם קייווער!
אוועק גייט...

ד אָ נ  ה ו א נ.

דאָנא אנא, איינ מינוט,
נאָר איינ מינוט!

ד אָ נ א  א נ א.

מע קאָנ אהער ארײַנגיינ!..

ד אָ נ  ה ו א נ.

פארשלאָסנ איז דאָס טירל. איינ מינוט!

ד אָ נ א  א נ א.

נו, וואָס? וואָס פאָדערט איר פונ מיר?

ד אָ נ  ה ו א נ.

דעם טויט!
אָ, זאָל איכ שטארבנ באלד בא פיס בא אײַערע,
אונ זאָל מענ דאָ מײַנ אָרעמענ שטויב באגראָבנ,
ניט לעבנ דעם געביינ, וואָס איז אײַכ ליב,
ניט אפ דעם אָרט, ניט נאָענט, ווײַטער דאָרט,

דאָרט ערגעץ לעבן טיר, באַם שוועל — אין שטיינ
אין מײַנעם אָנרירן זיך זאָלט איר קאָנען
מיט גרינגער פוס, צי מיט דעם קלייד, ווען איר
וועט גיין אהער צו אָט דעם שטאָלצן קיווער
די לאָקן דאָ פארנייגן און דאָ וויינען.

דאָנא אנא.

איר זײַנט מעשוגע.

דאָן הואן.

ווינטשן זיך דעם טויט
א סימען איז פון אומזין, דאָנא אנא?
ווען כ'זאָל מעשוגע זײַן, וואָלט איך געוואָלט
זײַן לעבעדיק — א האָפענונג וואָלט איך
געהאט מיט צארטער ליבע רירן אײַך
דאָס הארץ. ווען כ'זאָל מעשוגע זײַן, וואָלט איך
די נעכט לעבן באלקאָן בא אײַך פארבראכט,
מיט סערענאדעס אײַך דעם שלאָף צעשטערט —
איך וואָלט זיך ניט באהאלטן, כ'וואָלט, פארקערט,
באמיט זיך, אומעטום זאָלט איר מיך זען.
ווען כ'זאָל מעשוגע זײַן, איז שטילערהייט
וואָלט איך ניט ליידן...

דאָנא אנא

און אָט דאָס איז עס,
דאָס שווײַגן אײַערס?

דאָן הואן.

דאָנא אנא, נאָר
א צופאל האָט פארפירט מיך — אנדערש וואָלט איר
מײַן טרויעריקן סאָד זיך ניט דערוווסט.



דאָנא אנא.

און וויפל צײַט שוין ליבט איר מיך אזוי?

דאָן הואן.

שוין לאנג, צי גאָר ניט לאנג, איך ווייס אליין ניט,
איך ווייס נאָר, אז פון יענער צײַט האָב איך
די ווערט פון קורצן לעבן זיך דערוווסט,
האָב איך פארשטאנען, וואָס אזוינס איז גליק.

דאָנא אנא.

גייט באלד אוועק — איר זײַנט פאר מיר געפערלעך.

דאָן הואן.

מיט וואָס געפערלעך?

דאָנא אנא.

איך האָב מוירע הערן אײַך.

דאָן הואן.

נו, גוט. כ'וועל שווײַגן, יאָגט נאָר ניט אָט דעם,
אוועמעס טרייסט די איינציקע איז זען אײַך,
קיין כוצפעדיקע האָפנונגען איך האָב ניט,
איך פאָדער גאָרניט, זען אײַך וויל איך נאָר,
איך מוז אײַך זען, אויב כ'בין אפ לעבן שוין
פארורטיילט.

דאָנא אנא.

גייט אוועק — ס'איז ניט קיין אָרט
פאר אָט אזעלכע רייד און מעשוגאסן.
קומט מאָרגן. אויב איר שווערט זיך לײַטיש האלטן

מיט מיר, ווע‏ל איך אײַך אופנעמען, נאָר שפּעט
אין אָוונט... כ׳זע ניט קיינעם פון דער צײַט,
וואָס כ׳בין געוואָרן אן אלמאָנע.

דאָן הואַן.

דאָנא אנא,
איר זײַנט א מאלעך! זאָל אײַך טרייסטן גאָט,
ווי היינט האָט איר געטרייסט אן אומגליקלעכן.

דאָנא אנא.

נו, גייט־זשע שוין אוועק.

דאָן הואַן.

נאָך איין מינוט.

דאָנא אנא.

ניין, כ׳מוז אליין אוועקגיין, סײַוויסײַ
די טפילע גייט מיר ניט אין קאָפּ. איר האָט
צעשטרײַט מיך מיט געשפּרעכן וועלטלעכע;
פון זיי איז לאנג מײַן אויער אָפּגעוווינט.
כ׳וועל אופנעמען אײַך מאָרגן.

דאָן הואַן.

כ׳גלייב זיך ניט,
כ׳דערוועג זיך ניט מײַן גליק זיך איבערגעבן —
איך וועל דערזען אײַך מאָרגן, און ניט דאָ,
און ניט געהיימערהייט!

דאָנא אנא.

יאָ, מאָרגן, מאָרגן.
ווי רופט מען אײַך?



דאָן הואַן.

דיִעגאָ דע קאלוואדאָ.

דאָנא אנא.

נו, זײַט געזונט, דיִעגאָ. (גייט אוועק).

דאָן הואַן.

לעפּאָרעלאָ!
(עס גייט ארײַן לעפּאָרעלאָ).

לעפּאָרעלאָ.

וואָס דארפט איר מיך?

דאָן הואַן.

מײַן ליבער לעפּאָרעלאָ!
כ׳בין גליקלעך! „מאָרגן — שפּעט אין אָוונט”... מאָרגן,
מײַן לעפּאָרעלאָ, זאָלסטו צוגרייטן...
כ׳בין גליקלעך, ווי א קינד!

לעפּאָרעלאָ.

מיט דאָנא אנא
האָט איר גערעדט? זי האָט געזאָגט אײַך, מעגלעך,
צוויי ווערטער צערטלעכע, ניט מער אוואדע,
און עפּשער האָט איר גאָר געבענטשט זי דאָרט?

דאָן הואַן.

ניין, לעפּאָרעלאָ, ניין! זי האָט אפּ מאָרגן
א ראנדעוווּ באשטימט מיר!

לעפּאָרעלאָ.

איז עס מעגלעך!
אַלמאָגנעס, אָ, אַזוינע זײַנט איר אַלע!

דאָן הואַן.

כ׳בין גליקלעך!
כ׳זינג, כ׳בין גרייט די וועלט צעקושן.

לעפּאָרעלאָ.

און וואָס וועט זאָגן ער, דער קאָמאַנדאָר?

דאָן הואַן.

דו מיינסט, אַז ער וועט אייפערזיכטיק זײַן?
שוין זיכער ניט, ער איז אַ קלוגער מענטש,
און נאָכן טויט ז׳ער רויִקער געוויס.

לעפּאָרעלאָ.

ניין, אַף זײַן סטאַטוע איר גיט אַ קוק.

דאָן הואַן.

נו, וואָס?

לעפּאָרעלאָ.

מיר דאַכט זיך, אַז ער קוקט אַף אײַך
און בייזערט זיך.

דאָן הואַן.

איז גיי־זשע, לעפּאָרעלאָ,
און בעט אים, לאַד אים אײַן צו מיר צו־גאַסט —
ניין, ניט צו מיר — צו דאָנאַ אַנאַ, מאָרגן.



לעפּאָרעלאָ.

די סטאַטוע! און צוליב וואָס?

דאָן הואַן.

געוויס
ניט צוליב דעם, קעדיי מיט איר צו ריידן —
דו בעט די סטאַטוע צו דאָנאַ אַנאַ
אין אָוונט קומען מאָרגן — בײַ דער טיר
זיך שטעלן אַף דער וואַך.

לעפּאָרעלאָ.

עס גלוסט זיך אײַך
צו שפּאַסן, און מיט וועמען!

דאָן הואַן.

גיי!

לעפּאָרעלאָ.

נאָר...

דאָן הואַן.

גיי!

לעפּאָרעלאָ.

באַרימטע, שיינע סטאַטוע, עס בעט
אײַך דאָן הואַן, מײַן האַר, איר זאָלט זײַן גוט
און קומען... ניין, איך שווער בײַ גאָט, איך קאָן ניט.
כ׳האָב מוירע.

דאָן הואַן.

פּאַכדן! באַלד באַקומסטו!..

לעפּאָרעלאָ.

גוט.

מײַן האר הואַן בעט קומען מאָרגן אײַך
אין אָוונט צו דעם הויז פון אײַער ווײַב,
און שטיין לעבן טיר אפּ...

(די סטאַטוע שאָקלט מיטן קאָפּ אלס צייכן פון באשטעטיקונג).

אײַ!

דאָן הואַן.

וואָס איז?

לעפּאָרעלאָ.

אײַ, אײַ!

אײַ, אײַ! איך שטארב!

דאָן הואַן.

וואָס איז מיט דיר אזוינס?

לעפּאָרעלאָ (ווינקט מיטן קאָפּ).

די סטאַטוע... אײַ, אײַ!

דאָן הואַן.

דו בוקסט זיך!

לעפּאָרעלאָ.

ניין.

ניט איך, נאָר זי!

דאָן הואַן.

וואָס פּלוידערסטו, דו נאר?



לעפּאָרעלאָ.

איז גייט אליין.

דאָן הואַן.

נו, זע, דו ליידיקגייער.

(צו דער סטאַטוע)

איך בעט דיך, קאָמאנדאָר, זאָלסט קומען מאָרגן
צו דײַן אלמאָנע,— איך וועל אויך דאָרט זײַן,—
און לעבן טיר זיך שטעלן היטן. גוט?

(די סטאַטוע ווינקט נאָכאמאָל).

אָ, גאָט!

לעפּאָרעלאָ.

נו? כ׳האָב געזאָגט...

דאָן הואַן.

קום, קום פונדאנען.

## סצענע IV.

דער צימער פון דאָנא אנא. דאָן הואַן און דאָנא אנא.

דאָנא אנא.

כ׳האָב אופגענומען אײַך, דיעגאָ, נאָר
כ׳האָב מוירע, מײַן געשפּרעך, דער טרויעריקער
וועט אומעטיק אײַך מאכן,— אָרעמע
אלמאָנע, מײַן פארלוסט געדענק איך גוט.
און טרערן כ׳מיש מיט שמייכל, ווי אפּרעל.
וואָס שווײַגט איר, א?

### דאָן הואַן.

איך שווײַג און טיף איך האָב
האַנאָע פֿון געדאַנק אַליין צו זײַן
מיט שיינער דאָנאַ אַנאַ. דאָ, ניט דאָרט,
ניט בײַ דעם קייווער און דעם טויטן מוצלעך —
און כ׳זע אײַך שוין ניט אויף די קניִעס שטיין
פֿאַרן מאַן פֿון מאַרמער.

### דאָנאַ אַנאַ.

אייפֿערזיכטיק זײַנט איר,
דיִעגאָ, — אויך פֿון קייווער לאָזט מײַן מאַן
אײַך ניט צורו?

### דאָן הואַן.

איך אייפֿער ניט. איר האָט
אים אויסגעקליבן.

### דאָנאַ אַנאַ.

ניין, ניט איך, מײַן מוטער
האָט מיר געהייסן הייראַטן מיט דאָן
אַלוואַרן. ער איז רײַך געווען, מיר — אָרעם.

### דאָן הואַן.

אַ גליקלעכער! ער האָט נאָר פּוסטע אוצרות
געבראַכט דער געטין צו די פֿיס, פֿאַר דעם
האָט ער גענאָסן הימלישן גאַניידן!
ווען כ׳זאָל אײַך פֿריִער קענען, מיט אַנציקונג
וואָלט איך מײַן ראַנג, מײַן גוטס — אַלץ אָפּגעגעבן
פֿאַר אײַער בליק אַ פֿרײַנטלעכן פֿאַר איינעם;
אַ שקלאַף וואָלט איך געווען פֿון אײַער ווילן,



און ווּנטשן אײַערע איך וואָלט דערלערנט,
קעדיי אַפֿריִער אויסצופֿילן זיי —
ווי אין אַ קישעף־פּאַלאַץ זאָלט איר לעבן.
נאָר ניין! — מײַן מאַזל האָט עס ניט פֿאַרגינט.

### דאָנאַ אַנאַ.

הערט אויף, דיִעגאָ: כ׳זינדיק, ווען איך הער אײַך —
איך טאָר ניט ליב האָבן אײַך, אַן אַלמאָנע
מוז אייביק אויך דעם קייווער זײַן געטרײַ.
ווען איר זאָלט וויסן, ווי דער דאָן אַלוואַר
האָט מיך געליבט! געוויס וואָלט דאָן אַלוואַר
ניט אויפֿגענומען קיין פֿאַרליבטע דאַמע.
ווען ער זאָל זײַן אַן אַלמען, וואָלט ער טרײַ
געווען דעם קייווער.

### דאָן הואַן.

דאָנאַ אַנאַ, רײַסט
מיר ניט דאָס האַרץ, דערמאָנט מיר אייביק ניט
אין אײַער מאַן. גענוג שוין אײַך מיך פּײַניקן,
כאָטש עפּשער האָב איך עס פֿאַרדינט.

### דאָנאַ אַנאַ.

מיט וואָס?
פֿאַרבונדן הייליק זײַנט איר ניט מיט קיינעם,
ניט עמעס דען? מיך ליב געקריגן האָט איר —
פֿאַרן הימל און פֿאַר מיר זײַנט איר גערעכט.

### דאָן הואַן.

פֿאַר אײַך! מײַן גאָט!

ד אָ נ א  א נ א.

פאר מיר זייַנט איר דען שולדיק?
אויב יאָ, איז זאָגט־זשע מיר, אין וואָס?

ד אָ נ  ה ו א נ.

אָ, ניין!
ניין, קיינמאָל ניט!

ד אָ נ א  א נ א.

דיִעגאָ, וואָס איז דאָס?
איר האָט א שולד פאר מיר? אוועלכע, זאָגט מיר?

ד אָ נ  ה ו א נ.

אָ, ניין! איך קאָן ניט!

ד אָ נ א  א נ א.

כ'וווּנדער זיך, דיִעגאָ:
איך בעט דאָך אייַך, איך פאָדער.

ד אָ נ  ה ו א נ.

ניין, אָ, ניין.

ד אָ נ א  א נ א.

דאָס פאָלגט איר מיך אזוי! יאָ, זייער גוט!
און וואָס האָט איר אָט ערשט געזאָגט —
אז איר וואָלט גערן זייַן מייַן טרייַער שקלאפ.
דיִעגאָ, כ'ווער אין קאס: באלד ענטפערט מיר —
אין וואָס איז אייַער שולד פאר מיר?

ד אָ נ  ה ו א נ.

כ'דערוועג
זיך ניט, איר וועט פארהאסן מיך אף אייביק.



ד אָ נ א  א נ א.

ניין, ניין, איך בין אייַך מוחל אלץ אפריִער,
נאָר וויסן וויל עך עס...

ד אָ נ  ה ו א נ.

וואָס דארפט איר וויסן
דעם שרעקלעכן, דעם שוידערלעכן עמעס?

ד אָ נ א  א נ א.

דעם שרעקלעכן? נו, פּייַניקט מיך ניט מער.
כ'בין זייער נייַגעריק — וואָס איז אזוינס?
ווי האָט איר מיך באליידיקן געקאָנט?
איך האָב אייַך ניט געקענט — קיין פייַנט ז'בא מיר
ניטאָ און ניט געווען, אכוץ דעם מערדער,
וואָס האָט מייַן מאן געטויט.

ד אָ נ  ה ו א נ  (פאר זיך).

עס גייט צום שלוס!
איר זאָגט, דער אומגליקלעכער דאָן הואן
איז אייַך באקאנט?

ד אָ נ א  א נ א.

ניין, קיינמאָל האָב איך אים
אפילע ניט געזען.

ד אָ נ  ה ו א נ.

איר טראָגט צו אים
אין הארץ א סינע?

ד אָ נ א  א נ א.

וי די ערע פאָדערט.

איר סטארעט זיך פארריידן מיך, דיִעגאָ,
און אפ מײַן פראגע גיט איר ניט קיין ענטפער.
איך פאָדער...

ד אָ נ  ה ו א נ.

וואָס וואָלט זײַן, ווען דאָן הואנען
וואָלט איר באגעגנט?

ד אָ נ א  א נ א.

כ'וואָלט דעם מערדער דעם
אין הארצן גלײַך געשטאָכן!

ד אָ נ  ה ו א נ.

דאָנא אנא,
נו, שטעך מיך, איך בין גרייט צום טויט!

ד אָ נ א  א נ א.

דיִעגאָ!

וואָס?

ד אָ נ  ה ו א נ.

איך בין ניט דיעגאָ, כ'בין הואן.

ד אָ נ א  א נ א.

אָ, גאָט... מײַן גאָט! עס קאָן ניט זײַן, איך גלייב ניט.

ד אָ נ  ה ו א נ.

כ'בין דאָן הואן.



ד אָ נ א  א נ א.

ניט עמעס.

ד אָ נ  ה ו א נ.

כ'האָב געטויט
דײַן מאן, און ס'טוט מיר גאָר ניט באנק, און קיין
כאראָטע פיל איך ניט בא זיך אין הארצן.

ד אָ נ א  א נ א.

וואָס הער איך עס? ניין, ניין, עס קאָן ניט זײַן.

ד אָ נ  ה ו א נ.

יאָ, איך בין דאָן הואן, און כ'האָב דיך ליב.

ד אָ נ א  א נ א (פאלנדיק).

ווי בין איך?.. ס'איז מיר שלעכט, אוי, שלעכט...

ד אָ נ  ה ו א נ.

אָ, הימל!
וואָס איז? וואָס איז מיט דיר, אָ, דאָנא אנא?
שטיי אופ און קום צו זיך: דײַן דאָן דיִעגאָ,
דײַן שקלאַפ בא דײַנע פיס איצט קניט.

ד אָ נ א  א נ א.

פארלאָז מיך.
(שוואך) דו ביסט מײַן פײַנט — האָסט בא מיר צוגענומען
אלץ, וואָס אין לעבן...

ד אָ נ  ה ו א נ.

ליב באשעפעניש!
מיט אלץ כ'בין גרייט צו אויסקויפן מײַן קלאַפ,

בֿא דייַנע פיס אפ דייַנ בֿאפעלֿ איכ ווארט נאָר,
דו הייס — איז שטארבֿ איכ, הייס — כ׳וועלֿ אָטעמענ
פאר דיר אלֿיינ...

דאָנא אנא.

איז דאָס דער דאָנ הואנ...

דאָנ הואנ.

א־יאָ, מע האָט אימ אייַכ בֿאשריבֿנ, ווי
אנ אויסוווּרפ אונ א גאזלענ, דאָנא אנא?
אינ דעמ איז עפשער דאָ א שטיקלֿ עמעס —
ס׳קאָנ זייַנ אפ מייַנ געוויסנ, אפּ מייַנ מידנ,
לֿיגט ניט קיינ קלֿיינע לֿאסט פונ שלֿעכטע טאטנ —
יאָ, אויסגעלֿאסנ בֿינ איכ לֿאנג געווענ.
נאָר פונ דער צייַט, זינט איכ האָבֿ אייַכ דערזענ,
איז דאכט זיכ מיר — איכ בֿינ אפסנייַ געבֿוירנ.
אייַכ לֿיבֿ געקריגנ, האָבֿ איכ לֿיבֿ די טוגנט,
אונ רויִק, שטילֿ פאר איר צומ ערשטנ מאָלֿ
די ציטערנדיקע קניִעס בֿייג איכ אייַנ.

דאָנא אנא.

אָ, דאָנ הואנ קאָנ ריידנ שיינ — איכ וויים,
איכ האָבֿ געהערט; ער איז אנ עכטער דעמאָנ
אונ א פארפירער. וויפלֿ פרויענ האָט איר
צו גרונט געבֿראכט?

דאָנ הואנ.

פונ זיי האָבֿ איכ קיינ איינע
ניט לֿיבֿ געהאט.



דאָנא אנא.

אונ איכ וועלֿ גלֿייבֿנ דענ,
אז דאָנ הואנ פארלֿיבֿט זיכ ס׳ערשטע מאָלֿ,
אונ ניט א נייַעמ קאָרבֿנ זוכט ער איצט?

דאָנ הואנ.

וועג כ׳וואָלֿט אייַכ אָפּנארנ געוואָלֿט, צי דענ
וואָלֿט איכ זיכ מוידע זייַנ, אז כ׳בֿינ אָט דער,
אוועמעס נאָמענ הערנ קאָנט איר ניט —
ווי זעט מע דאָ בֿארעכנטקייַט אונ פאלֿשקייַט?

דאָנא אנא.

ווער ווייסט אייַכ? — וויִאזוי זייַנט איר אהער
געקומענ? מ׳האָט געקאָנט דערקענענ אייַכ,
אונ אייַער טויט געווענ וואָלֿט אומפארמייַדלֿעכ!

דאָנ הואנ.

וואָס הייסט גאָר טויט? פארנ זיסנ אויגנבֿלֿיק
אייַכ זענ — כ׳בֿינ גרייט צו שטארבֿנ.

דאָנא אנא.

נאָר ווי לֿאָזט מענ
פונדאנענ אייַכ ארויס, אומפאָרזיכטיקער!

דאָנ הואנ (קושנדיק איר די הענט).

פארנ לֿעבֿנ פונ דעמ אָרעמענ הואנ
איר זאָרגט זיכ! הייסט עס, ס׳איז ניטאָ קיינ סינע
אינ הימלֿישער נעשאָמע דייַנער, אנא?

ד אָ נ א  א נ א.

אכ, ווענ כ'וואָלט איַיכ פיַינט האָבנ געקאָנט!
ס'איז אָבער ציַיט שוינ אונדז צעשיידנ זיכ.

ד אָ נ  ה ו א נ.

ווענ זעענ מיר זיכ נאָכאמאָל?

ד אָ נ א  א נ א.

איכ ווייס ניט,—
נו, ווענ עס איז.

ד אָ נ  ה ו א נ.

אונ מאָרגנ?

ד אָ נ א  א נ א.

ווו?

ד אָ נ  ה ו א נ.

אָט דאָ.

ד אָ נ א  א נ א.

אָ, דאָנ הואנ, ווי שוואכ איז עס, מיַינ הארצ.

ד אָ נ  ה ו א נ.

אלס ציַיכנ פונ פארגעבונג, טו א קוש מיכ...

ד אָ נ א  א נ א.

ס'איז ציַיט שוינ. גיי.

ד אָ נ  ה ו א נ.

א שטילנ קוש, א קאלטנ...



ד אָ נ א  א נ א.

וואָס שטייסטו צו אזוי! אָס האָסטו אימ.
ווער קלאפט עס דאָרט?.. באהאלט זיכ, דאָנ הואנ.

ד אָ נ  ה ו א נ.

נו, זיַי געזונט, צום ווידערזענ, מיַינ ליבע.

(גייט אוועק אונ לויפט צוריק אריַינ).

א!...

ד אָ נ א  א נ א.

וואָס איז דיר? א!..

(עס גייט אריַינ די סטאטוע פונ קאָמאנדאָר. דאָנא-אנא פאלט אום).

ד י  ס ט א ט ו ע.

כ'בינ אפנ רופ געקומענ.

ד אָ נ  ה ו א נ.

אָ, גאָט! אָ, דאָנא אנא!

ד י  ס ט א ט ו ע.

דו פארלאָז זי,
ס'איז אלצ געענדיקט. ציטערסט, דאָנ הואנ.

ד אָ נ  ה ו א נ.

איכ? ניינ. כ'האָב דיכ גערופנ, כ'זע דיכ גערנ.

ד י  ס ט א ט ו ע.

נו, גיב די האנט.

### דאָן הואַן.

אָט איז זי... אָ, ס'איז שווער
דער דרוק פון אָט דער האַנט דער שטיינערנער!
פאַרלאָז מיך, לאָז מיך אָפּ, לאָז אָפּ מײַן האַנט...
איך שטאַרב — א סאָף צו אַלץ — אָ, דאָנא אַנא!

זײ ווערן אײַנגעזונקען.

---



# א באַל אין צײַט פון פּעסט.

פון ווילסאָנס טראַגעדיע: „The city of the plague"[1]

א גאַס. א געדעקטער טיש. עטלעכע מענער און פרויען, וואָס נעמען אָנטייל אין דעם באַל.

### יונגערמאַן.

געערטער פּאָרזיצער! איך וויל דערמאַנען
א מענטשן, וואָס איז זייער גוט באַקאַנט אונדז,
וואָס זײַנע שפּאַסן, קאָמישע געשיכטעס,
באַמערקונגען און שאַרפע ענטפערן,
אי בײַסיקע, אי פריילעך־ווירדיקע,
האָבן לעבעדיק געמאַכט דעם שמועס באַם טיש,
פאַריאָגט די פינצטערניש, וואָס די מאַגיפע,

1 ווילסאָן (1785—1854) — ענגלישער שרײַבער. פּושקין האָט די דאָזיקע סצענע איבערגעזעצט פון זײַן דראַמע „א שטאָט פון פּעסט".

דער ווּיסטער גאסט בּא אונדז, שיקט אָן אצינד
אפילע אפ די גלענצנדיקסטע מויכעס.
צוויי טעג צוריק האָט אונדזער אלעמענס
געלעכטער אויך באגיטיקט זײַנ דערציילנ;
אומעגלעכ, בּא א טיש א פריילעכנ
זאָלנ מיר אינ דזשאקסאָנעג פארגעסנ. זעט,
דאָ שטייט זײַנ פרײַער שטול, ווי ער וואָלט ווארטנ
אפנ אָנשטעלער — נאָר ער איז שוינ אוועק
אינ אונטערערדישער, אינ קאלטער וווינונג...
נאָר כאָטש די לוסטיקסטע, די שענסטע צונג
איז ניט אנטשוויגנ נאָכ אינ שטויבּ פונ קייווער,
נאָר מיר, מיר זײַנענ נאָכ א סאכ געבּליבּנ
אונ האָבּנ ניט קיינ גרונט פאר טרויער. אזוי,
איכ לייג אײַכ פאָר א קאָס אינ אָנדענק זײַנעם,
מיט פרייד פונ בּעכער־קלאנג, מיט אויסגעשרייענ,
ווי ווענ ער וואָלט געלעבּט.

פאָרזיצער.

ער איז דער ערשטער
אוועק פונ אונדז. מירנ טרינקענ שווײַגנדיק
דעם קאָס לעקאָוועד אים.

יונגערמאנ.

זאָל זײַנ אזוי!

(אלע טרינקענ שווײַגנדיק).

פאָרזיצער.

דו זינגסט, מײַנ ליבּע, מיט אזא מינ ווילדער
פולקומענהײַט די טײַערסטע געזאנגענ:
נו, מערי, זינג אונדז טרויעריק־צעצויגנ,



מיר זאָלנ זיכ דערנאָכ נאָכ אומזיניקער
צו פריידנ קערנ, ווי אָט דער, וואָס אים
א זעונג האָט געהאט מיט ערד צעשיידט.

מערי (זינגט).

ס'האָט אמאָל געבּליט, געפרייט זיכ
אונ געשעמט האָט אונדזער קאנט:
ס'איז אום זונטיק אונדזער קלויסטער
פול געווענ פונ וואנט צו וואנט.
אינ דער שול פלעג הילכיק קלינגענ
אונדזער יונגנ דאָרס געזאנג.
סערפנ פלינקע פלעגנ פינקלענ
צווישנ גאָלדנ־העלנ זאנג.
איצטער איז דער קלויסטער ליידיק,
אונ די שול שטייט טויט, פארשפארט,
קיינעם איז דער וואלד ניט נייטיק,
איבּערײַפ דאָס פעלד שוינ ווארט.
טויט דער יישעוו איז אצינדער,
ווי פארבּרענט איז אלצ ארום;
שטיל איז אלצ — אונ נאָר דער צווינטער
איז ניט פוסט אונ איז ניט שטום.

יעדע רעגע טראָגט מענ מייסימ,
קוילעס לייגנ אײַנ די וועלט,
טפילעס צו דעמ גאָט דעמ גרויסנ:
גאָט, בּארויִק זייער זעל!
יעדע רעגע דארפ מענ ערטער,
אונ די קוואָרימ צווישנ זיכ
ענג זיכ טוליענ, ווי א הערדע,
ווי א ריי דערשראָקנ פיכ.

אויב צו פרי א גרוב א פרײַע
פאר מײַנ פרילינג איז באשערט —
דו, װער ס'איז מיר אזוי טײַער,
װעמעס ליבע טרייסט און נערט, —
כ'בעט צום קערפער ניט געגעענען,
ליפן טויטע ניט באריר
פונ דײַנ היים־געליבטער דזשעני, —
פונדערװײַטנס שפיר נאָכ איר.

און דערנאָכ פארלאָז דעם ייִשעװ!
גיי אװעק זיכ ערגעצ־װו,
דײַנע װייענ דײַנע פרישע
לינדערנ און געבנ רו!
װענ פארבײַ װעט שוינ די פעסט זײַנ,
דו באזוכ מײַנ אש, מײַנ אָרט;
ס'װעט עדמאָנדנ ניט פארגעסנ
דזשעני אויכ אינ הימל, דאָרט!

פ אָ ר ז י צ ע ר.

מיר דאנקענ דיר, פארטרוימטע, שיינע מערי,
מיר דאנקענ פאר דעם טרויעריקנ ליד!
אמאָל האָט, קענטיק, אויכ אזאמינ פעסט
די בערג, די טאָלנ אונדזערע באזוכט,
און קרעכצנ נעבעכדיקע האָבנ זיכ
געהערט אפנ ברעג פונ טײַכנ און פונ שטראָמענ,
װאָס פליסנ איצטער גיכ אינ פרייד און פרידנ
דורכ דעם גאניידנ פונ דײַנ װילדנ היימלאנד;
דאָס שװארצע יאָר, װענ ס'זײַנענ אזוי פיל
געפאלנ שיינע, העלדישע קאָרבאָנעס,
האָט קאם געלאָזט נאָכ זיכ א שפור, אנ אָנדענק



אינ עפעס גאָר אנ איינפאכ פאסטעכ־לידל,
א טרויעריקס, אנ אנגענעמענס... ניינ,
קיינ זאכ מאכט אונדז ניט טרויעריק אזוי
אינ פריידנ, װי א װייכער רירנדיקער קלאנג.

מ ע ר י.

אָ, בעסער װאָלט איכ קיינמאָל ניט געזונגענ,
ניט דערװײַטערט פונ דעם הויז פונ מײַנע עלטערנ!
זיי האָבנ זייער מערי ליב געהאט
צו הערנ. ס'דאכט זיכ מיר, כ'הער זיכ אליינ,
איכ זינג באם שװעל פונ ליבער היים פונ מײַנער.
אינ יענער צײַט מײַנ שטימ געװענ איז זיסער:
געװענ די שטימ פונ אומשולד...

ל ו י ז ע.

ס'איז אויס מאָדע
אצינד אזוינע לידער! דאָכ איז נאָכ
פאראנענ פאָשעטע נעשאָמעס, װאָס
פונ װײַבער־טרערנ שמעלצנ זיי זיכ גערנ
און בלינד זיי גלייבנ. זי איז זיכער, מערי,
אז איר פארטרערטער בליק איז פול מיט זויבער —
װאָלט זי אזוי געטראכט װעגנ געלעכטער,
װאָלט זי געשמייכלט שטענדיק. װאלסינגאם
האָט דאָ געלויבט די שיינקײַטנ פונ צאָפנ,
װאָס שרײַענ הויכ, האָט זי זיכ אויכ צעיאָמערט.
כ'פארהאס די געלקײַט פונ די האָר פונ שאָטלאנד[1].

---

1 ש אָ ט ל א נ ד — די צאָפנדיקע טייל פונעמ אינדזל גרויסבריטאניע. די אײַנװוינער פונ שאָטלאנד האָבנ העל־באפארבטע האָר, װיגנ א. אז. װ.

פאָרזיצער.

איר הערט זיך צו: איך הער, עס קלאַפּן רעדער!
(עס פאָרט א וואָגן, פול מיט טויטע קערפּערס. א נעגער טרײַבט אָן).

אהא, לויִזען איז ניט גוט געוואָרן;
לויט אירע רייד האָב איך געמיינט, זי האָט
א מענערש הארצ, נאָר ס'לאָזט זיך אויס: פון צארטן
איז שוואכער נאָך דער אכזער, פאכעד לעבט
אינ הארצ, וואָס איז פארפולט מיט ליידנשאפט!
מיט וואסער שפּריצ איר, מערי. איר איז בעסער.

מערי.

דו, שוועסטער פון מײַן שאנד און פון מײַן טרויער,
אפ ברוסט אפ מײַנער לייג זיך צו.

לויִזע (קומט צו זיך).

א דעמאָנ
א שרעקלעכער האָט זיך געכאָלעמט מיר:
ווײַס־אויגיק, שווארצ, ער האָט צו זיך גערופן
אינ וואָגן, דאָרט געלעגן זײַנען טויטע —
זיי מורמלען עפּעס אומפארשטענדלעך, שרעקלעך...
איר זאָגט מיר, ס'איז געווען אינ כאָלעם?
מע איז דאָ דורכגעפאָרן?

יונגערמאנ.

נו, לויִזע,
ווער פריילעכער: כאָטש אונדז געהער די גאס,
א שווײַגנדיקער רעטונג־פּלאצ פון טויט,
אנ אָרט א שטילס פאר בעלער אומגעשטערטע,
נאָר ווייסט? דער שווארצער וואָגן אומעטום



האָט רעכט ארומפאָרן,— מיר דארפן אים
א פרײַען דורכלאָז געבן. הער נאָר אויס,
דו, וואלסינגאם: קעדיי א סאָף דאָ מאכן
צו קריגערײַען און צו ווײַבערשע
כאלאָשעס, זינג א ליד, א לעבעדיקע ליד,
וואָס ניט פון שאָטלענדישן טרויער שטאמט,
דו זינג א ליד א וואקכישע[1], א ווילדע,
וואָס איז באם קאָס באם שוימיקן געבוירן!

פאָרזיצער.

איך קאָן ניט אזא ליד: איך וועל אײַך זינגען
א הימן דער פּעסט: איך האָב אים אָנגעשריבן
באנאכט נאָך נעכטן, באלד נאָך דער צעשיידונג.
מיך האָט באהערשט א מאָדנער גלוסט צו גראמען
דאָס ערשטע מאָל אינ לעבן! הערט מיך אויס:
מײַן הייזעריקע שטימ דער ליד איז פּאסיק.

א סאך שטימען.

א הימן דער פּעסט! מיר וועלן הערן גערן!
א הימן דער פּעסט! ס'איז פּרעכטיק! bravo! bravo!

פאָרזיצער (זינגט).

ווען ס'קומט דער ווינטער מיט זײַן מאכט
און, ווי א פירער, פירט אינ שלאכט
אפ אונדז דאָס גרויזאם קאלטע כײַל
פון זײַנע שנייען, זײַנע פרעסט,

1 וואקכ — בא די גריכן — דער גאָט פון ווײַן. לעקאָוועד אים פלעגן אָרגאניזירט ווערן פײַערונגען, ווען מע פלעג טרינקען ווײַן, טאנצן און זינגען לידער.

אנטקעגן זיי דאַן פֿלאַקערט פֿײַער
און פֿרייד פֿון בעלער און פֿון געסט.

די שטרענגע קעניגן, די פּעסט,
זי גייט אַף אונדז, די פּוסטן פֿרעסט,
זי זעט, איר שניט ווערט זײַן ניט אָרעם,
און טאָג ווי נאַכט אין פֿענצטער הילכט
און קלאַפּט די לאָפּעטע פֿון קוואָרים...
וואָס קאָן מען טאָן? און וווּ איז הילף?

ווי פֿון דעם ווינטערס שטיפֿערײַ,
פֿאַרשליסט זיך פֿון דער פּעסט — און פֿרײַ!
צינדט פֿײַערן, גיסט אָן די בעכערס,
אין ווײַן דעם סייכל טיף דערטרינקט,
דער הערשאַפֿט פֿון דער פּעסט אַלץ העכער
אַף סודעס לויבגעזאַנגען זינגט!

אנציקונג איז אין שלאַכט פֿאַראַן,
און אויך פֿון אָפּגרונט אַף דעם ראַנד,
און אויך אין יאַמס צעקאַסטע אָרעמס,
אין שוידער־רויש, אין כווישעך־נעסט,
און אויך אין מידבערישן שטורעם,
און אין דעם אָטעם־צוג פֿון פּעסט.

אַלץ, אַלץ, וואָס אונטערגאַנג באַהאַלט,
פֿאַרן האַרץ פֿון שטערבלעכן אַנטהאַלט
אומויסשפּרעכלעכע פֿאַרגעניגנס —
אומשטערבלעכקײַט דאָ שטייט אין קאָן!
ס׳איז גליקלעך דער, וואָס וויסן, קריגן,
פֿון זיי געניסן האָט געקאָנט.

אַזוי, דיר, פּעסט, די הויכע לויב!
די קייווער־גרוב ניט שרעקט אונדז, גלויב,
און דײַן באַרוף ניט טריבט אונדז, יונגע!
מיר האַלטן נאָך די בעכערס פֿעסט,
דעם אָטעם פֿון אַ פֿרוי מיר טרינקען —
וואָס עפּשער פֿול איז שוין מיט פּעסט!

(עס גייט אַרײַן אַן אַלטער גאַלעך).

**גאַלעך.**

איר לעסטערט גאָט, הולטײַעס, מעשוגאָים!
מיט אײַער סודע, מיט די דולע לידער
איר שענדעט זי, די כווישעכדיקע שטילקײַט,
וואָס אומעטום האָט דאָ דער טויט פֿאַרשפּרייט!
געוויין און בלאַסער קווורע־שרעק באַגלייטן
מײַן טפֿילע אַף דעם פֿינצטערן בייסוילעם.
און אײַער פֿרייד, די העסלעכע היספּײַלעס
דערשרעקט די שטילקײַט פֿון די קוואָרים — און
מאַכט ציטערן די ערד איבער די טויטע!
און וואָלט די אַלגעמיינע קוואָרים־גרוב
ניט זײַן געהייליקט פֿאַר די זקיינימס טפֿילעס —
וואָלט איך געקאָנט גאָר מיינען: שיידים
היינט פּײַניקן אַ גאָטלאָזיקע זעל
און שלעפּן זי אין גענעם מיט געלעכטער.

**אייניקע שטימען.**

ער רעדט וועגן דעם גענעם אויסגעצייכנט!
נו, גיי, דו אַלטער, גיי וווּהין דו גייסט!

**גאַלעך.**

כ׳באַשווער אײַך מיט דעם בלוט דעם הייליקן
פֿון דעם פֿאַר אונדז געקרייציקטן דערלייזער,

שטעלט אָפּ די אומגעהויער ווילדע סודע,
אויב זען איר ווילט אין הויכע הימלען די
געליבטע זעלן פון פארלוירענע —
צעגייט זיך יעדער אין זייַן היים!

### פּאָרזיצער.

די היים
איז טרויעריק — די יוגנט האָט ליב פרייד.

### גאלעך.

ביסטו עס, וואלסינגאם? ביסטו דער זעלבער,
וואָס האָט צוריק מיט וואָכן דרייַ געקניט,
געקלאָגט, דער מוטערס גוף ארומגענומענ
און אין געוויין געצאפּלט אפּ איר קייווער?
צו עפּשער דענקסטו, אז זי וויינט ניט איצטער,
זי וויינט ניט ביטער אין די הויכע הימלען,
אפּן זון דאָ קוקנדיק, וואָס פראוועט בעלער
מיט פרייַנט מיט אויסגעלאסענע, ווען זי
פארנעמט דייַן שטים, וואָס ווילדע לידער זינגט
אָט דאָרט, ווו שטיל געבעט און שווערע קרעכצן הערשן?
דו גיי מיט מיר!

### פּאָרזיצער

וואָס קומסטו איצט צו מיר
מייַן רו באַרויבן? כ׳קאָן ניט און איך דארף ניט
מיט דיר צו גיין: מיך האלט אין פעסטע הענט
דער ייִעש און די שרעקלעכע זיכרוינעס,
פון מייַנע זינד די קלאָרע אנערקענונג,
די שרעק פון לאנגווייַל און פון טויטער פוסטקייַט,
וואָס איך באגעגן אין מייַן אייגן הויז,



די נייַקייַט פון די ווילדע פארגעניגנס,
און דער געבענטשטער גיפט פון אָט דעם בעכער,
און אויך די ליבע (זאָל מיר גאָט פארגעבן)
פון א פארלוירנ, נאָר א ליב באשעפעניש...
מייַן מוטערס שאָטן וועט ניט קענען מיך
ארויסרופן פונדאנען, כ׳הער זי שפּעט,
דייַן שטים, וואָס רופט מיך... אלטער! כ׳אנערקען
דייַן אָנשטרענגונג מיך ראטעווען, נאָר זייַ
פארשאָלטן דער, וואָס וועט מיט דיר אוועקגיין!

### א סאך שטימען.

!bravo! bravo — אָ, פּאָרזיצער ווירדיקער!
אָט האָסטו דיר א דראָשע, גיי אוועק!

### גאלעך.

דו הער, דיך רופט מאטילדעס ריינער גייַסט!

### פּאָרזיצער (שטייט אוף).

דו שווער מיר, הייב צום הימל אוף דייַן בלייכע,
פארוועלקטע האנט, — אין קייווער רוען לאָז
דעם נאָמען, וואָס אפּ אייביק איז אנטשוויגן!
אָ, ווען פון אירע אומשטערבלעכע אויגן
וואָלט איך געקאָנט באהאלטן אָט דאָס בילד!
געגלייבט, איך בין א ריינער און א שטאָלצער —
געוווּסט אין מייַנע אָרעמס דעם גאנ־עדן...
ווו בין איך? הייליק קינד פון ליכט! איך זע
דיך דאָרט, ווו מייַן געפאלענער גייַסט
וועט ניט דערגרייכן שוין...

א פרויען־שטים.

ער איז פון זינען:
אינ היצ ער רעדט פון זײַנ פארשטאָרבענער פרוי!

גאלעכ.

נו, קום, נו, קום...

פאָרזיצער.

אום גאָטעס ווילן, פאָטער,
לאָז מיכ צורו!

גאלעכ.

זאָל גאָט דיכ ראטעווענ!
אדיע, מײַנ זונ!

ער גייט אוועק. די סורע דויערט. דער פאָרזיצער בלײַבט זיצנ טיפ פארטראכט.

---



# די רוסאלקע.

## ערשטע סצענע.

ברעג פונ דניעפער. א מיל.
דער מילנער, זײַנ טאָכטער.

### מילנער.

אָכ, אָט אזעלכע זײַנט איר, יונגע מיידלעכ,
פארנארישט אלע זײַנט איר. טרעפט זיכ ווענ
א מענטש א פײַנער, ניט קיינ פראָסטער —
וואָלט איר צו זיכ אימ צובינדנ באדארפט.
מיט וואָס? מיט קלוגנ, ערלעכנ באגיינ זיכ,
מיט שטרענגקײַט אונ מיט גוטנ אימ פארנארנ,
מיט אָנצוהערענישנ ווײַטע אימ
ווענג כאסענע ארײַנווארפנ א וואָרט,
אונ מער פונ אלצ דײַנ מיידל־ערע היטנ —
דעמ אויצער, וואָס ניט אָפּצושעצנ: — זי
איז ווי א וואָרט: ארויס — ניט אומצוקערנ.

און ווען אפ כאסענע קיין האָפענונג
איז שוין ניטאָ, איז קאָן מען, ווייניקסטנס,
נו, כאָטש א נוצ פאר זיך, פאר אייגענע
ארויסבאקומען. ווײַל א טראכט טאָן דארפ מען דאָך:
„ניט אייביק וועט ער זײַן אין מיר פארליבט
און פעסטען מיך". נאָר ניין! ווי קומט צו אײַך
א רעכטע זאך באטראכטן! פאסט עס דען?
געשווינד פארלירט איר דעם פארשטאנד, און גערן
אומזיסט די פרימכעס זײַנע פירט איר אויס,
זײַנט גרייט דעם גאנצן טאָג אפן האלדז צו הענגען
בא דעם געליבטן, און דער ליבינקער
פארשווינדט גאָר אָן א זײַ־געזונט, און איר —
פארבלײַבט בא גאָרניט. אך, נאראָנים זײַנט איר!
האָב איך דיר ניט געטײַנעט הונדערט מאָל,
היי, טאָכטער, קוק נאָר, זײַ ניט אזא נאר,
דו זע, דאָס גליק, וואָס גייט צו דיר, פארשלאָפ ניט.
ניט לאָז ארויס דעם פירשט אומזיסט, ניט מאך
קיין טעל פון זיך. נאָר וואָס איז פאָרגעקומען?
דו זיצ אצינד, וויינ אייביק וועגן דעם,
וואָס וועסט ניט אומקערן.

טאָכטער.

נאָר זאָג, פארוואָס
דו מיינסט, אז ער האָט מיך אוועקגעוואָרפן?

מילנער.

וואָס הייסט פארוואָס? און וויפל מאָל אין וואָך
ער פלעג צו אונדז אין מיל אהערצו פאָרן?
ניט עמעס? יעדן טאָג, און צײַטנווײַז
אפילע צוויי מאָל; דערנאָך אלץ זעלטענער



האָט אָנגעהויבן קומען, און אָט — נײַן טעג
מע האָט אים ניט געזען. וואָס וועסטו זאָגן?

טאָכטער.

ער איז פארנומען; וויניק זאָרגן האָט ער?
ער איז דאָך ניט קיין מילנער, און די וואסער
וועט דאָך פאר אים ניט ארבעטן. אָפט זאָגט ער,
זײַן ארבעט איז די שווערסטע אפ דער וועלט.

מילנער.

גיי גלייב אים! פירשטן ארבעטן דען ווען?
און וואָס איז זייער ארבעט — יאָגן פוקסן
און האָזן, פראווען בעלער און די שכיינים
באליידיקן, און אײַך, נאראָנים אָרעמע,
פארפירן. א ראכמאָנעס, ער אליין
דאָך ארבעט, און פאר מיר — די וואסער!.. כ'האָב
קיין רו ניט באטאָג און ניט באנאכט:
אָט דאָ, אָט דאָרט מע דארפ פאריכטן עפעס,
אָט דאָ איז פויל, דאָ רינט. אָט ווען דו זאָלסט
באם פירשט א בעט טאָן אפ צו איבערבויען
א ביסל געלט, — פיל בעסער וואָלט עס זײַן.

טאָכטער.

אך!

מילנער.

וואָס איז דאָרט?

טאָכטער.

ווארט אויס, איך הער דאָס טופען
פון פערד פון זײַנעם. ער!

מ י ל נ ע ר.

נו, זע שוין, טאָכטער
פארגעס ניט מײַנע אייצעס, דו געדענק...

ט אָ כ ט ע ר.

אָט איז ער, אָט!
(עס קומט אריַין דער פירשט, דער פערד־וועכטער פירט אוועק זײַן פערד).

פ י ר ש ט.

גוט מאָרגן, ליבער פרײַנט;
גוט מאָרגן, מילנער.

מ י ל נ ע ר.

לײַטזעליקער פירשט!
א גוטן אָנקום אײַך. שוין לאנג, שוין לאנג
האָבן מיר דײַן ליכטיק פּאָנעם ניט געזען.
איך גיי, דיך, ווי עס פּאסט, מעכאבעד זײַן.
(גייט אוועק).

ט אָ כ ט ע ר.

אך, ענדלעך האָסטו זיך אין מיר דערמאנט!
דו שעמ זיך. אזוי לאנג מיך פּײַניקן
מיט פּוסטן און אכזאָריעסדיקן ווארטן?
זאָלסט וויסן, וואָס איז מיר ניט אײַנגעפאלן,
מיט וואָס פאר שרעקן האָב איך זיך געפּלאָגט!
אָט טראכט איך, אז דער פערד האָט דיך פארטראָגן
אין טיפן זומפּ, אין אָפּגרונט, אז א בער
האָט אין געדיכטן וואלד דיך בײַגעקומען,
אז דו ביסט קראנק, אז האָסט מיך שוין ניט ליב.



נאָר, גאָט צו דאנקען, לעבסט און ביסט געזונט
און האָסט מיך ליב, ווי פריִער, ווי אמאָל.
ניט עמעס?

פ י ר ש ט.

יאָ, ווי פריִער, מאלעך מײַנער...
ניין, מער ווי פריִער...

ז י.

דאָך ביסטו פארטרויערט.
נו, זאָג, וואָס איז מיט דיר?

פ י ר ש ט.

פארטרויערט, איך?
עס האָט זיך דיר נאָר אויסגעוויזן — ניין,
כ'בין פריילעך שטענדיק, ווען איך זע דיך.

ז י.

ניין,
ווען דו ביסט פריילעך, אײַלסטו נאָך פונווײַטן
צו מיר און רופסט: ווו איז מײַן טײַבעלע,
וואָס טוט זי? און דערנאָך מיך קושסטו הייס,
און פרעגסט מיך: צי בין איך מיט דיר צופרידן,
צי האָב איך אזוי פרי געווארט אף דיר —
און הײַנט — דו הערסט מיך אזוי שווײַגנדיק,
און ניט געהאלדזט און ניט געקושט די אויגן.
דו ביסט, געוויס, באומרויִקט. מיט וואָס?
צי ביסטו טאָמער גאָר אף מיר בארויגעז?

פ י ר ש ט.

איך וויל ניט מאכן קיין אומזיסטן אָנשטעל,
דו ביסט גערעכט: אין הארצן טראָג איך טרויער,

און דו ביסט ניט אין שטאַנד דעם טרויער לינדערן,
מיט ליבע־צאַרטלעכקייַטן אים צעשטרויען,
און קאָנסט אפילע ניט מיט מיר אים טיילן.

ז י.

נאָר מיר איז דאָך א ווייטעק ניט צו טרויערן,
ווען דו ביסט טרויעריק. דערצייל דייַן סאָד.
דערלויבסטו — וועל איך וויינען. ניין — וועל איך
מיט מייַן א כּרער דיר קיין פאַרדראָס ניט שאפן.

פ י ר ש ט.

צו וואָס דאָס אָפלייגן? וואָס גיכער, איז
אלץ בעסער. ליבער פרייַנט, דו ווייסט, ניטאָ
דאָ אף דער וועלט קיין דויערהאפטיק גליק.
ניט ייִכעס, קראַפט, ניט שיינקייַט און ניט רייַכקייַט—
קיין זאַך דאָ קאָן ניט אויסמייַדן דעם אומגליק.
און מיר, ניט עמעס דען, מייַן שטילע טויב?
מיר האָבן גליק גענאָסן, ווייניקסטנס,
בין איך געוועזן גליקלעך מיט דייַן ליבע.
און וואָס עס זאָל זיך ווייַטער שוין ניט טרעפן,
ווו כ'זאָל ניט זייַן, וועל איך געדענקען דיך,
מייַן פרייַנט, און דאָס, וואָס איך פאַרליר, וועט מיר
קיין זאַך דאָ אף דער וועלט שוין ניט פאַרבייַטן.

ז י.

איך הייב ניט אָן פאַרשטיין נאָך דייַנע ווערטער,
נאָר ס'איז מיר שרעקלעך שוין. דער גוירל דראָט,
ער גרייט אונדז עפּעס גאָר א נייַעם אומגליק,
צעשיידונג, עפשער...



פ י ר ש ט.

האָסט געטראָפן, פרייַנט,
צעשיידונג האָט דער גוירל אונדז באַשערט.

ז י.

ווער קאָן צעשיידן אונדז? בין איך דען ניט
אין שטאַנד מיט דיר איינײנעם שטענדיק גיין?
איך וועל זיך פאַר א ייִנגל איבערטאָן,
איך וועל אין וועג, אין קריג דיר דינען טרייַ,
איך האָב קיין מוירע ניט אויך פאַר מילכאָמע,
אבי נאָר זען דיך. ניין, איך גלייב עס ניט,
צי ווילסטו אויספרעגן געדאַנקען מייַנע,
צי טרייַבסטו גאָר מיט מיר א פוסטן שפּאַס.

פ י ר ש ט.

ניין, ס'גייט מיר הייַנט קיין שפּאַס ניט אף געדאַנק,
און כ'האָב ניט וואָס צו אויספרעגן בא דיר,
אין וועג אין ווייַטן ריכט איך זיך ניט אויס,
ניט אף מילכאָמע,—איך פאַרבלייַב אין דר'היים,—
דאָך מוז איך זיך מיט דיר אף אייביק שיידן.

ז י.

ווארט אויס, ווארט אויס, אצינד פאַרשטיי איך אלץ...
האָסט כאַסענע?

(דער פירשט שווייַגט).

האָסט כאַסענע?

פ י ר ש ט.

וואָס טוט מען?
דו זאָג אליין. ניט פרייַ זייַנען דאָך פירשטן,

ווי מיידלעך — ניט ליטן ווונטש פון הארצן קאָנען
זיי נעמען פרויען, נאָר לויט דעם פארשטאנד
פון אנדערע לײַט, צוליב גאָר פרעמדע נוצן...
ס'וועט גאָט דײַן טרויער שטילן און די צײַט..
פארגעס מיך ניט! צום אָנדענק נעם פון מיר
דעם האָר־באנד; לאָז, איך וועל אליין דיר אָנטאָן.
איך האָב מיט זיך נאָך מיטגעבראכט א האלדז־באנד —
דו נעם אים. — אָט איז נאָך: איך האָב דעם טאטן
אנומלט צוגעזאָגט. דו גיב עס אים.

(גיט איר אין די הענט א זעקל מיט גאָלד).

נו, זײַ געזונט!

ז י.

וואַרט אויס, איך דארף דיר עפּעס זאָגן נאָך,
כ'געדענק ניט וואָס.

פ י ר ש ט.

דערמאן זיך.

ז י.

צוליב דיר
כ'בין גרייט אף אלץ!.. ניין, ניין, ניט דאָס... וואַרט אויס —
אומעגלעך, אז דו קאָנסט אף אייביק מיך
פארלאָזן אפדערעמעסן... ניט דאָס.
יאָ, יאָ, דערמאנט זיך! הײַנט דײַן קינד בא מיר
האָט אונטערן הארצן זיך א ריר געטאָן.

פ י ר ש ט.

אָ, אומגליקלעכע! וואָס־זשע טוט מען? כאָטש
פון זײַנעטוועגן היט זיך אָפּ, איך וועל



ניט דיך און ניט דײַן קינד שוין ניט פארלאָזן.
און מיט דער צײַט כ'וועל, מעגלעך, אײַך אליין
באזוכן. טרייסט זיך, נעם זיך ניט צום הארצן.
לאָז דיך ארומנעמען צום לעצטן מאָל.
(אוועקגייענדיק) געענדיקט! אוף! — אף דער נעשאָמע לײַכטער.
א שטורעם געווארט, נאָר אלץ איז אָפּגעגאנגען
גאנץ גלאט און שטיל.

(גייט אוועק. זי בלײַבט אומבאוועגלעך).

מ י ל נ ע ר (גייט ארײַן).

צי האָט איר ניט קיין ווונטש
א גיי טאָן אף דער מיל... ווו איז ער, ווו?
דו זאָג, ווו איז דער פירשט? אָ, אָ, א באנד
אוועלכער! און באדעקט מיט איידל־שטיינער!
זיי שעמערירן! און די קרעלן! זאָג־זשע:
א צארישע מאטאָנע. אך, זײַנ גוטסקײַט!
און דאָס וואָס איז? א זעקל! עפּשער געלט?
וואָס שטייסטו, וואָס, דו ענטפערסט ניט?
דו רעדסט קיין וואָרט ניט אויס? דו האָסט פון פרייד
פון אומגעריכטער דעם פארשטאנד פארלוירן,
צי ביסט פון פרייד פארטומלט?

ט אָ כ ט ע ר.

ניין, איך גלייב ניט!
עס קאָן ניט זײַן, איך האָב אים אזוי ליב
געהאט. איז ער א כײַע? איז זײַן הארץ
מיט האָר באוואקסן?

מ י ל נ ע ר.

זאָג, פון וועמען רעדסטו?

טאָכטער.

דו זאָג נאָר, טאַטע, ווי האָב איך געקאָנט
זײַנע רויִגע ברענגען? פאַר אַ וואָך איז דען
מײַן שיינקײַט שוין אַוועק? צי מיט גיפט
האָט מען באַטרונקען אים?

מילנער.

וואָס איז מיט דיר?

טאָכטער.

ער איז אַוועק — אָט רײַט ער דאָרט! — אָ, טאַטע!
און איך, משוגענע, האָב אים געגלאָזט,
אין זײַנע פּאָלעס זיך ניט אײַנגעקלאַמערט,
זיך ניט געהאַנגען אַף דעם צוים פון פערד!
און זאָל ער פון פאַרדראָס מיר אָפּהאַקן
די הענט ביז עלנבויגן, זאָל ער דאָ
מיטן פערד מיט זײַנעם מיך צעטרעטן!

מילנער.

דו רעדסט פון היץ!

טאָכטער.

פאַרשטייסטו, פירשטן זײַנען דאָך ניט פרײַ,
ווי מיידלעך, ניט ליטן ווונטש פון הארצן קאָנען
זיי נעמען זיך אַ פרוי... דערפאַר, זײַ זיכער,
דערליבט זיך זיי פאַרנאַרן, שווערן, וויינען
און זאָגן: כ'וועל אין פּאַלאַץ פירן דיך,
אין ליכטיקן, אין מײַן געהיימען צימער,
אין גאָלד־שטאָף אָנטאָן דיך, אין סאַמעט רויטן.
דערליבט איז אָרעמע מיידלעך לערנען



נאָך האַלבער נאַכט אַף זייער פײַף אַרויסגיין
און זיצן ביז באַגינען לעם דער מיל.
עס איז איז זיי ליב דאָס פירשטלעך הארצ צו קוויקן
מיט אונדזער אומגליק, ווײַטער — זײַ געזונט
און, טײַערינקע, גיי וווּהין דו ווילסט נאָר,
האָב ליב אַוועמען דיר געפעלט!

מילנער.

אַזוי גאָר.

טאָכטער.

און ווער, מיר זאָג, איז די צעשיידערן?
איך וועל געפינען זי — איר זאָגן, דער מאַרשאַס:
אַוועק פון פירשט — דו זעסט, צוויי וועלפּעכעס
ניט ווינען אין איין טאָל.

מילנער.

דו, נארישע!
עס האַלט דערבײַ, אַ פירשט זיך נעמט אַ קאַלע,
ווער קאָן עס אים דען שטערן? דאָס איז דאָך עס!
האָב איך דען ניט געזאָגט...

טאָכטער.

ווי אַ מענטש אַ גוטער,
האָט ער געקאָנט זיך זעגענען מיט מיר
און מיר מאַטאָנעס געבן — ווי געפעלט אײַך! —
און געלט! זיך אויסקויפן האָט ער געמיינט!
די צונג באַזילבערן האָט ער געוואָלט,
עס זאָל ניט מאַכן קיין שלעכטן שעם
און ניט דערגיין צום יונגן ווײַבל זײַנעם.

יאָ, זע, איך האָב פארגעסן — דיר אָפּגעבן
האָט ער געהייסן אָט דאָס געלט, דערפאר
וואָס דו ביסט גוט געווען צו אים, די טאָכטער
מיט אים געלאָזט זיך אומשלעפּן, ניט שטרענג
געהאלטן זי... עס וועט דיר נוצן ברענגען
מײַן אומקום. (גיט אים אָפּ דאָס זעקל).

מילנער (אין טרערן).

אָ, צו וואָס האָב איך דערלעבט זיך!
וואָס קומט מיר אויס צו הערן! זינדיקסט, טאָכטער, —
אזוינע פאָרוואורפן דעם אייגענעם טאטן!
איין קינד ביסטו בא מיר דאָ אף דער וועלט,
דו ביסט מײַן טרייסט מײַן איינע אף דער עלטער.
ווי האָב איך עס געקאָנט דיך ניט פארקעכלען?
עס האָט מיך גאָט באשטראָפט, וואָס איך האָב שוואך
דעם כויוו פון פאָטער אויסגעפילט.

טאָכטער.

אָך, ביטער!
עס שטיקט, א שלאנג א קאלטער דריקט דעם האלדז...
ער האָט מיך מיט א שלאנג ארומגעפלאָנטערט,
און ניט מיט פערל... (רײַסט פון זיך די פערל).

מילנער.

שטיי, וואָס טוסטו?

טאָכטער.

כ'וואָלט
אזוי צעריסן דיך, דו שלאנג, מארשאס,
פארשאָלטענע צעשיידערן דו מײַנע!



מילנער.

דו רעדסט פון היץ, פון פיבער!

טאָכטער (נעמט אראָפּ פון זיך דעם האָר־באנד).

אָט, מײַן קרויג,
די קרוין פון שאנד! מיט איר האָט אונדז געקרוינט
דער בייזער רוך, ווען כ'האָב זיך אָפּגעזאָגט
פון אלץ, וואָס איז אמאָל געווען מיר טײַער.
מיר זײַנען שוין אנטקרוינט — אין דר'ערד מײַן קרוין!
(ווארפט דעם האָר־באנד אין דניעפּער).
אצינד איז אלץ געענדיקט... (ווארפט זיך אין טײַך).

אלטער (פאלנדיק).

אָ, וויי, אָ, וויי!

## צווייטע סצענע.

פירשטלעכער פאלאץ.

א כאסענע. די יונגע פאָר זיצט באם טיש. געסט. כאָר פון מיידלעך.

שאדכן.

אין פרייד די כאסענע שוין אָפּגעשפּילט.
נו, מאזלטאָוו אײַך, פירשט און יונגע פירשטן!
גיב גאָט אײַך ליבע און אין פרידן לעבן,
און מירן אָפּט צו אײַך אף בעלער קומען.
וואָס זײַנט איר, שיינע מיידעלעך, אנשוויגן?
וואָס, ווײַסע שוואנען, זײַנט איר שטיל געוואָרן?
צי האָט איר אלע לידער אויסגעזונגען?
צי עפּשער איז אין האלדז פון זינגען טרוקן?

### כאָר.

שאדכנדל, באדכנדל
נארישער שאדכנדל!
צו דער קאלע פאָרנדיק,
פאָרט אריײַנ אינ גאָרטנ גאָר.
ביר א פאס צעגאָסנ שוינ,
אונ די קרויט באגאָסנ שוינ,
זיכ געבוקט דעמ פלויטעלע,
בא ווערייענ בעטנדיק:
ווערייע, ווערייעלע,
ווײַז אונדז דו א שטעגעלע
צו דער קאלע צופאָרנ.
שטויס זיכ אָנ שוינ, שאדכנדל,
נעמ זיכ פאר דעמ טײַסטערל,
אינ טײַסטער קלינגט דאָס געלט דאָכ,
די שיינע מיידעלעכ געפעלט עס.

### שאדכנ.

איר, שפעטערנס, א לידל אויסגעקליבנ!
נאט, נאט, נעמט צו, ניט טאדלט דעמ שאדכנ.
(ער באשענקט די מיידלעכ).

### איינ שטימ.

איבער שטיינדעלעכ, איבער זעמדל געלנ
לויפט א טײַכ, א גיכער אונ א שנעלער.
אינ טײַכ אינ גיכנ שפילנ זיכ צוויי פישעלעכ שיינע,
צוויי פישעלעכ, צוויי פליטקעלעכ קליינע.
צי האָסטו געהערט, דו פישעלע־שוועסטערל,
ווי נעכטנ האָט זיכ א שיינ מיידל דערטרונקענ,
אונ, זיכ טרינקענדיק, דעמ געליבטנ פארשאָלטנ?



### שאדכנ.

איר שיינע מיידעלעכ! וואָס פאר א ליד?
ס'איז, דאכט זיכ, גאָר קיינ כאסענע־ליד ניט: נייג.
ווער האָט די ליד גענומענ? א!

### די מיידלעכ.

ניט איכ,
ניט איכ, ניט מיר...

### שאדכנ.

נאָר ווער האָט זי געזונגענ?
(א שעפטשערײַ אונ א פארלוירנקײַט צווישנ די מיידלעכ).

### פירשט.

איכ וויים ווער.
(שטייט אופ פונ טיש אונ זאָגט שטיל דעמ פערד־וועכטער).
זי האָט אהער זיכ דורכגעגאנוועט,
דו פיר זי באלד ארויס. דערוויס זיכ אויכ,
ווער האָט אריײַנגעלאָזט.
(דער פערד־וועכטער גייט צו צו די מיידלעכ).

### פירשט (זעצט זיכ. צו זיכ אליינ).

זי איז אוואדע
נאָכ גרייט דאָ מאכנ אזא גרויסנ טומל,
אז פונ ביזויענ זאָל איכ גאָר ניט וויסנ,
ווו זיכ באהאלטנ.

### פערד־וועכטער.

כ'האָב זי ניט געפונענ.

פירשט.

גיי זוכ. איכ ווייס, אז זי איז דאָ. ס׳איז זי
געזונגענ האָט די ליד.

גאסט.

אָט, גוטער מעד!
אינ קאָפּ אונ אינ די פּיס ער זעצט אונ רעדט.
א שאָד נאָר, ביטער: אימ צווישנ וואָלט ניט געשאט. .
(דאָס פאָרפאָלק קושט זיכ. עס הערט זיכ א לײַכטער געשריי).

פירשט.

איר אייפערזיכטיקער געשריי! (צומ פערד־וועכטער).
נו, וואָס?

פערד־וועכטער,

אינ ערגעצ ניט געפונענ זי.

פירשט.

דו, נאר!

אונטערפירער (אופשטייענדיק).

שוינ צײַט די פירשטנ אָפּגעבנ דעמ מאנ,
די יונגע פּאָר מיט האָפנ צײַט באשיטנ.
(אלע שטייענ אופ).

שאדכנטע.

געוויס, שוינ צײַט, דערלאנגט אהער דעמ האָנ!
(די יונגע פּאָר האָדעוועט מענ מיט דעמ געבראָטענעמ האָנ, דערנאָכ באשיט
מענ מיט האָפנ אונ מע פירט אינ שלאָפצימער).



שאדכנטע.

דו פירשטנ טײַערע, ניט וויינ, ניט שרעק זיכ
אונ פאָלג דײַנ מאנ.
(די יונגע גייענ אוועק אינ שלאָפצימער, די געסט צעגייענ זיכ, אכוצ דער
שאדכנטע אונ דעמ אונטערפירער).

אונטערפירער.

ווו איז א גלאָז? די נאכט
איכ וועל ארומפאָרנ ארומ דעמ הויז,
איז איצט ניט קרומ מיט ווײַנ זיכ עטוואָס שטארקנ.

שאדכנטע (גיסט אימ אָנ א גלאָז).

נא, נעמ אונ טרינק געזונט.

אונטערפירער.

אופ, אופ! א דאנק.
ניט עמעס, אלצ איז גוט דאָכ דורכגעגאנגענ?
א כאסענע שוינ איינמאָל!

שאדכנטע.

גאָט צו דאנקענ,
אלצדינג איז גוט — איינ זאכ נאָר איז ניט גוט

אונטערפירער.

נו, וואָס?

שאדכנטע.

ס׳איז ניט צומ גוטנ האָט מענ דורכגעזונגענ
גאָר ניט קיינ כאסענע־ליד, נאָר גאָט ווייסט וואָס...


927—15

א ו נ ט ע ר פ י ר ע ר.

די מיידלעך. אנדערש קאָנען זיי גאָר ניט,
זיי מוזן שטיפן! ווּ איז דאָס געהערט —
א כאסענע א פירשטלעכע פארשטערן!
כ'וועל עפשער גיין זיך זעצן אפן פערד.
נו, זײַ געזונט. (גייט אוועק).

ש א ד כ נ ט ע.

דאָס הארץ איז מיר ניט רויִק!
ניט צו דער צײַט די כאסענע געשפּילט.

## דריטע סצענע.

צימער. די פ י ר ש ט נ און די א ם.

פ י ר ש ט נ.

האָרך! דאכט זיך, מע טרומייטעט; ניין, ער פאָרט ניט.
אך, מוטערל! געווען איז ער א כאָסן,
האָט ער זיך אף קיין טראָט ניט אָפּגעשיידט,
פון מיר די אויגן ניט אראָפּגעלאָזט, —
און נאָך דער כאסענע איז באַלד אוועק
גאָר אנדערש! איצטער וועקט ער מיך גאנצפרי
און הייסט, מע זאָל אים אָנזאָטלען דאָס פערד,
און ביז דער נאכט, און גאָט ווייסט ווּ, ער פאָרט.
ער קומט — קוים זאָגט ער מיר א וואָרט א צערטלעכס,
קוים טוט ער מיך א גלעט מיט צארטער האנט.

א ם.

מײַן פירשטן, ווייסט, א מאן איז ווי א האָן:
קיריקוקו! א פליגל־פּאָך, אוועק.



די פרוי, ווי א קוואָטשקע נעבעך,
דו זיץ, זיץ אויס, פיר אויס די הינדעלעך.
א כאָסן — קאָן ער זיך ניט אָנזיצן,
ניט אָנקוקן, פארגעסט אין עסן, טרינקען.
קוים כאסענע געהאט — באַלד קומען זאָרגן:
צו־גאסט דאָס דארף ער צו די שכיינים פאָרן,
דאָס מוז ער, זעט איר, גיין אף יאגד מיט פאלקן,
דאָ טראָגט אים דער ניט־גוטער אף מילכאָמע,
אהין־אהער — עס זיצט זיך ניט אין דר'היים.

פ י ר ש ט נ.

ווי מיינסטו עס, צי האָט ער קיין געליבטע
געהיים?

א ם.

הער אוף, וואָס רעדסטו? זינדיק ניט.
אף וועמען קאָן ער דיך פארבײַטן? האָסט
מיט אלץ דאָך אויסגענומען: וווּנדער־שיין,
דערצויגן, קלוג. באקלער נאָר, טאָכטער מײַנע:
בא וועמען, זאָג נאָר, וועט ער עס געפינען,
אז ניט בא דיר, אזאמין אויצער?

פ י ר ש ט נ.

אָ, ווען עס זאָל צו גאָט דערגיין מײַן טפילע,
און ער זאָל שענקען מיר א קינד! וואָלט איך
נאָך צובינדן דעם מאן אפסנײַ געקאָנט.
דו הער, מיט יעגערס פול דער הויף. דער מאן
געקומען איז. וואָס זעט מען אים עס ניט?
(עס גייט ארײַן דער י א ג ד ־ א ו פ ז ע ע ר).
ווּ איז דער פירשט?

יאגד־אופזעער.

דער פירשט האָט אונדז אהיים
געשיקט.

פירשטן.

און ווו איז ער אליין?

יאגד־אופזעער.

געבליבן
אליין אין וואלד דאָרט אפ דעם ברעג פון דניעפּער.

פירשטן.

איר האָט דערוואגט דעם פירשט אליין צו לאָזן?
פאָרט באלד צוריק. צו אים אפגיך געריטן,
און זאָג אים, דאָס האָב איך ײַך צוגעשיקט!
(דער יאגד־אופזעער גייט אוועק).

אך, גאָט מײַנער! אליין אין וואלד באנאכט,
און ווילדע כײַעס, בייזע לײַט, דער וואלד־גײַסט
דאָרט בלאָנדזשעט אום — ווי ווײַט איז צו אן אומגליק!
צינד גיכער אָן א ליכט פארן הייליקן בילד.

אם.

איך גיי, מײַן שײַן, איך לויף...

## פערטע סצענע.

דער דניעפּער, נאכט.

רוסאלקעס.

א פריילעכע מענגע
באנאכט פון דער טיף



מיר שווימען אפ אויבן —
לעוואָנע שוין טריפט.
ליב איז אונדז באנאכט פארלאָזן
אונדז׳ער טײַך־גרונט אונדזער ווײַטן,
ליב איז אונדז, די האָר צעפלאָסן,
מיט דעם קאָפּ די הייך צעשנײַדן,
זיך באנאנדער איבערופן,
אָפהילכן אין לופט געפינען,
און די פײַכטע צעפּ, די גרינע
טריקענען אין קלאָרע לופטן.

איינע.

שטילער, שטילער. אין געשטרויכן
עפּעס דאָרט פארשווּוגדן ווערט.

אנדערע.

צווישן אונדז און צווישן הויכן
גייט דאָרט עמעצ איבער דר׳ערד.
(באהאלטן זיך).

פירשט.

ניט גערן צו די טרויעריקע ברעגן
מיך ציט אן אומבאוווּסטע גרויסע קראפט,
און אלץ דערמאנט מיר ווידער, וואָס געווען איז,
דערמאנט מיר פון מײַן פרײַער שיינער יוגנט
די טײַערע, נאָר טרויעריקע נאכריכט.
דאָ האָט אמאָל די ליבע מיך באגעגנט,
די פרײַע, הייסע, זידנדיקע ליבע.
געווען כ׳בין גליקלעך, אומזיניקער מענטש!..
כ׳האָב לײַכטזיניק זיך אָפּגעזאָגט פון גליק.

אָ, איר באַקאַנטע טרויעריקע ערטער!
כ׳דערקען די קעגנשטאַנדן פון אַרום —
אָט איז די מיל! זי האָט זיך שוין צעוואַלגערט.
דער פריילעכער גערויש פון אירע רעדער
אַנטשוויגן שוין. עס שטייט דער מילשטיין — קענטיק,
שוין טויט דער אַלטער איז, — ניט לאַנג באַווײנט
די אָרעמע טאָכטער. דאָ אַ שטעג געשלענגלט —
פאַרוואַקסן... קיינער גייט אַהער שוין לאַנג.
אָט דאָ אַ גערטנדל געווען, אַ פלייטל —
ניט שוין צעוואַקסן זיך אין אַזאַ וועלדל?
אַך, אָט איז ער, דער דעמב, אָט דאָ האָט זי
געהאַלדזט מיך, זיך פאַרנייגט, און שטיל געוואָרן.
איז מעגלעך דען?.. (גייט צו די ביימער, עס שיטן זיך די בלעטער).
וואָס הייסט עס? בלעטער וועלקן,
צונויפגעדרייט זיך פלוצעם און מיט רויש,
ווי אַש, אַ שאָט געטאָן זיך אויף מײַן קאָפּ.
ער שטייט פאַר מיר אַ נאַקעטער, אַ שוואַרצער,
ווי אַ פאַרפלוכטער בוים...
(עס גייט אַרײַן דער אַלטער אין שמאַטעס און האַלב-נאַקעט).

א ל ט ע ר.

אַ גוטער דיר,
אַ גוטער דיר.

פ י ר ש ט.

ווער ביסטו?

א ל ט ע ר.

איך בין דער היגער ראָב!

פ י ר ש ט.

איז מעגלעך דען? דער מילנער!



א ל ט ע ר.

וואָס פאַר אַ מילנער!
די מיל פאַרקויפט דעם שעד פון הינטערן אויוון,
דאָס געלט האָב איך אָפּגעהיטן געגעבן
דעם מיידל, מײַן אַלצוויסנדיקער טאָכטער.
דאָס געלט איז אין דעם זאַמד, אין דניעפּר באַגראָבן,
עס היט עס דאָרט אַ פישל אַן אײנויגיקס.

פ י ר ש ט.

ער איז משוגע, נעבעך, די געדאַנקען,
צעזייט, ווי כמאַרעס נאָך אַ שטורעם.

א ל ט ע ר.

פאַרוואָס ביסטו צו אונדז נאָך נעכטן ניט געקומען?
געווען אַ סודע, לאַנג אויף דיר געוואַרט.

פ י ר ש ט.

אויף מיר געוואַרט?

א ל ט ע ר.

געוואַרט! געוויס, די טאָכטער.
דו ווייסט, איך קוק אויף אַלץ שוין דורך די פינגער.
איך גיב אײַך פרײַהייט: זאָל זי מיט דיר זיצן
אַ גאַנצע נאַכט, אַפילו ביזן האָנען-קריי,
וועל איך קיין וואָרט ניט זאָגן.

פ י ר ש ט.

אָרעמער מילנער!

אלטער.

וואָס פאר א מילנער! קלאָר מע זאָגט דיר דאָך,
איך בין א ראָב, און ניט קיין מילנער. דענסטמאָל
(געדענקסט?) א מאָדנער פאל: ווען זי האָט זיך
אין טייך געוואָרפן. כ'בין נאָך איר געלאָפן,
פון יענעם פעלדז געוואָלט א שפרונג טאָן, פלוצעם
דערפיל איך, פליגל שטארקע צוויי בא מיר
פון פאכוועס אויסגעוואָקסן, האלטן
מיך איין אין לופט. פון יענער צייט איך פלי
אהין־אהער — איך פיק א טויטע קו.
אָט זיץ איך אפ דעם קייווערל. איך זיץ
און קארקע זיך.

פירשט.

ס'ארא ראכמאָנעס, נעבעך!
ווער גיט אפ דיר איצט אכטונג?

אלטער.

יאָ, אפ מיר
מע מוז איצט אכטונג געבן, אלט בין איך
און שטיפעריש. אפ מיר, א דאנק, גיט אכטונג
א קליין רוסאלקעלע.

פירשט.

ווער?

אלטער.

ס'אייניקל!

פירשט.

אומעגלעך אים פארשטיין. דו, אלטער, קאָנסט
ין וואלד פון הונגער אויסגיין, ס'ועט א כייע



דיך אופעסן. צי ווילסטו ניט מיט מיר
אין פאלאץ וווינען?

אלטער.

אין פאלאץ דיינעם? ניין, א דאנק א גרויסן!
דו וועסט פארנארן און דערנאָך, אוואדע,
דערשטיקן מיט א האלדז־באנד. דאָ — איך לעב,
כ'בין זאט און פריי. איך וויל ניט אין דיין פאלאץ.
(גייט אוועק).

פירשט.

אין אלעס דעם בין שולדיק איך! ס'איז שרעקלעך
פארלירן דעם פארשטאנד. ס'איז גרינגער שטארבן.
אפן טויטן קוקן מיר מיט דערעכערעץ,
מיר טוען פאר אים טפילע. טויט פארגלייכט
מיט אים דאָ אלעמען. נאָר א כסאר־דייע
איז מער שוין ניט קיין מענטש. אומזיסט איז אים,
אומזיסט איז אים די שפראך געגעבן. ער
באהערשט די ווערטער ניט. אין אים די כייע
איר ברודער אנערקענט. צו שפאס בא מענטשן,
און איבער אים איז יעדער פריי. אויך גאָט
ניט מישפעט אים. אָ, אָרעמער אלטער! ס'האָט
ער דערוועקט אין מיר די ליידן פון כאראָטע!

יאגד־אופזוער.

אָט איז ער, קוים מיט צאָרעס אָפגעזוכט!

פירשט.

וואָס טוט איר דאָ?

### יאגד־אופזועער.

די פירשטנ האָט געשיקט,
האָט אנגסט געהאט פאר דיר.

### פירשט.

ניט אויסצושטיינ
איר זאָרגיקײַט! בינ איכ א קינד, צי וואָס?
איכ קאָנ קיינ טריט ניט טאָנ גאָר אָנ א ניאנקע?
(גייט אוועק, די רוסאלקעס באווײַזנ זיכ אם דער וואסער).

### רוסאלקעס.

שוועסטערלעכ, אינ פעלד אינ פרײַענ,
לאָמיר באלד דעריאָגנ זיי!
מיט געלעכטער, פײַפערײַענ
גיט די פערד א שרעק טאָנ, היי!
שפעט. די וועלדלעכ טונקל שטייענ,
אונ די טיפנ ווערנ קאלט.
אינ דעמ דאָרפ די האָנענ קרייענ,
די לעוואָנע זיכ באהאלט.

### איינע.

לאָמיר, שוועסטערלעכ, נאָכ ווארטנ.

### אנדערע.

גיי, שוינ צײַט, שוינ צײַט, שוינ צײַט.
ס'ווארט אפ אונדז דאָכ שוינ די צארנ,
אונדזער שטרענגע שוועסטער לײַדט.
(באהאלטנ זיכ).



## פינפטע סצענע.

דניעפּרישער גרונט.
פאלאצ פונ די רוסאלקעס.
די רוסאלקעס שפינענ ארומ זייער צארנ.

### עלטערע רוסאלקע.

הערט אופ שוינ שפינענ, ס'איז די זונ פארגאנגענ,
אונ די לעוואָנע, ווי א זײַל, שיינ גלאנצט.
איר שווימט ארופ, א שפיל טאָנ אונטערנ הימל.
נאָר קיינעמ ניט בארירנ זאָלט איר הײַנט:
דערוועגט זיכ ניט א פוסגייער צו קלאָלענ,
די נעצנ פונ די פישערס ניט באשווערנ
מיט גראָז, מיט שליימ. קיינ קינד אינ טײַכ דערוועגט ניט
מיט מײַסעס וועגנ פישעלעכ פארנארנ.
(עס גייט ארײַנ דאָס רוסאלקעלע).
ווו ביסטו עס געוועג?

### טאָכטער.

געוועג אפ דער ערד.
געגאנ צומ זיידנ — ער האָט מיכ געבעטנ
פונ גרונט פונ טײַכ צונויפקלײַבנ דאָס געלט,
וואָס ער האָט עס אמאָל צו אונדז אינ וואסער
ארײַנגעוואָרפנ — לאנג האָב איכ געזוכט עס.
איכ ווייס גאָר ניט, וואָס איז דאָס אזוינס — געלט.
איכ האָב אימ דאָכ פונ גרונט ארויסגעבראכט
קאָלירנדיקע מושעלנ א הויפנ;
דערפרייט האָט ער זיכ.

ר ו ס א ל ק ע.

אומזיניקער קאַמצן!
הער אויס, מײַן טאָכטער. איך פאַרלאָז זיך הײַנט
אויף דיר. אויף אונדזער ברעג וועט קומען הײַנט
אַ מאַנצביל. וואַרט און זע נאָר, לאָז ניט דורך
און גיי אַנטקעגן אים. ס'אונדזער קאָרעוו.
דאָס איז דײַן פאָטער.

ט אָ כ ט ע ר.

ס'איז דער זעלבער, ווער
ס'האָט דיך פאַרלאָזט, און אויף אַ פרוי געהייראַט?

ר ו ס א ל ק ע.

דער זעלבער. זײַ מיט אים וואָס צערטלעכער,
דערצייל אים אַלץ, וואָס וועגן דײַן געבורט
האָסטו פון מיר דערוווּסט זיך. וועגן מיר
דערצייל. און אויב ער וועט דיך פרעגן אויך,
צי האָב איך אים פאַרגעסן, זאָג, אַז איך
געדענק אים נאָך און האָב אים ליב און וואַרט
בײַ זיך אויף אים. דו האָסט פאַרשטאַנען מיך?

ט אָ כ ט ע ר.

פאַרשטאַנען. גוט.

ר ו ס א ל ק ע.

איז גיי.

(אַליין)

פון יענער צײַט,
ווען כ'האָב אָן זינען זיך אין טײַך געוואָרפן
אַ נישטיק, אַ פאַרצווייפלט־אָרעם מיידל,



און אין דער טיף פון דניעפּער כ'האָב אויפגעוואַכט
אַ קאַלטע און אַ מעכטיקע רוסאַלקע, —
כ'האָב פון נעקאָמע יעדן טאָג געטראַכט,
און הײַנט, מיר דאַכט, געקומען איז מײַן שעה.

## זעקסטע סצענע.

ברעג.

פ י ר ש ט.

אָ, טרויעריקע, טרויעריקע טרוימען
האָט נעכטיקע באַגעגעניש באַלעבט.
אָ, אומגליקלעכער פאָטער! שרעקלעך איז ער!
כ'וועל אפשר ווידער הײַנט באַגעגענען אים,
און ער וועט מסכּים זײַן דעם וואַלד פאַרלאָזן
צו אונדז זיך איבערקלײַבן...

(דאָס ר ו ס א ל ק ע ל ע גייט אַרויס אויפן ברעג).

וואָס זע איך!
פונוואַנען קומסטו, וווּנדער־שײנינק קינד?

. . . . . . . . . . . . . . . . .



# סצענעס פונ ריטערישע ציַיטנ.

(פלאנ).

מ א ר ט י נ. הער אויס, פראנצ: דאָס לעצטע מאָל זאָג איכ עס דיר, ווי א פאָטער: איכ האָב לאנג געליטנ דיַינע שטיק, אונ מער ליַידנ האָב איכ קיינ כיישעק ניט. דו באטראכט זיכ, אויב ניט — וועט זיכ עס ענדיקנ שלעכט.

פ ר א נ צ. אָבער, פאָטער, פארוואָס בייזערסטו זיכ אפ מיר? איכ טו, דוכט זיכ, גאָרניט.

מ א ר ט י נ. איכ טו גאָרניט! אָט דאָס איז דאָכ דאָס טאקע, וואָס דו טוסט גאָרניט! דו ביסט א פוילִיאק, דו עסט אומזיסט ברויט, אונ אומזיסט טראָגט דיכ די ערד גאָר. אפ וואָס האָפסטו אפ מיַינ גוטס? אונ איכ, מייגסטו, בינ ריַיכ געוואָרנ אָט אזוי־אָ, געזעסנ מיט צונויפגעלייגטע הענט אונ פארפאכט נארישע לידלעכ? אז איכ בינ אלט געוואָרנ פערצנ יאָר, האָט מיר דער פארשטאָר־בענער פאָטער געגעבנ צוויי קרייצער אינ האנט, צוויי זעצ אינ



הינטנ אונ געזאָגט: נו, מארטינ, גיי האָדעווע זיכ אליינ, מיר איז אָנ דיר אויכ ניט גרינג. אונ פונ דעמלט אָנ האָבנ מיר זיכ שוינ מער ניט געזענ. אונ איכ האָב, גאָט צו דאנקענ, דערוואָרבנ זיכ א הויז, געלט אונ אנ ערלעכנ נאָמענ — אונ מיט וואָס? מיט שפּאָרעוודיקײַט, מיט געדולד אונ מיט פליַיסיקער ארבעט. אָט בינ איכ שוינ העכער 50 אלט, שוינ ציַיט זיכ אָפּרוענ אונ דיר איבער־געבנ די געשעפטס־ביכער אונ דאָס גאנצע הויז. צי קענ איכ אָבער וועגנ דעמ א טראכט טאָנ? ווי קענ איכ דיר פארטרויענ? דו וואָלסט נאָר ארומגעשפאצירט מיט די פריצימ, וועלכע פאראכטנ אונדז אונ נעמענ צו סכוירע אינ קרעדיט... איכ קענ דיכ, דו שעמסט זיכ מיט דיַינ גראד. נאָר הער אויס, פראנצ. אויב דו וועסט זיכ ניט ענדערנ, ניט אופהערנ זיכ נאָכשלעפּנ נאָכ די אדל־ליַיט אונ זיכ ניט נעמענ, ווי ס'באדארפ צו זיַינ, פאר דיַינ גע־שעפט — איז גאָט אנ איידעס — איכ וועל דיכ ארויסטריַיבנ פונ שטוב, אונ אלס יורעש וועל איכ באשטימענ קארל הערצנ, מיַינ געזעל.

פ ר א נ צ. דאָס איז דיַינ זאכ, פאָטער, טו, ווי דו ווילסט.

מ א ר ט י נ. אָט אזוי־זשע רעד. געדענק.

ס'קומט אריַינ דער ברודער בערטאָלד [1].

מ א ר ט י נ. אָט איז דער צווייטער דולער. וואָס האָט דיכ אהער געבראכט?

ב ע ר ט אָ ל ד. א גוט מאָרגנ, שאָכנ. איכ האָב צו דיר א ניי־טיקע ביטע.

מ א ר ט י נ. א ביטע! ווידער געלט?

ב ע ר ט אָ ל ד. יאָ... עפשער קענסטו מיר ליַיענ הונדערט פופ־ציק גולדענ [2]?

---

[1] ב ע ר ט אָ ל ד — דאָ האָט פושקינ אינ זינענ דעמ מאָנאכ בערטאָלד שווארצ, וואָס האָט געלעבט אינ XIV י. ה. אונ זיכ פארנומענ מיט אלכימיע. אימ האלט מענ פאר דעמ דערפינדער פונ פולווער.

[2] ג ו ל ד ע נ — אנ אלטע מאטבייע (איבערהויפט אינ די דיַיטשישע מעלוכעס).

**מארטינ.** טאקע — ווו זאָל איכ זיי נעמענ? איכ בינ דאָכ ניט קיינ אויצער.

**בערטאָלד.** איכ בעט דיכ, זײַ ניט קארג. דו ווייסט דאָכ, אז דאָס געלט איז ניט קיינ פארפאלנס.

**מארטינ.** וואָס הייסט ניט קיינ פארפאלנס? וויניק געלט האָב איכ דיר געגעבנ? וווהינ איז עס אהינגעקומענ?

**בערטאָלד.** אוועק אפ געשעפט. אָבער איצט בעט איכ דיכ דאָס לעצטע מאָל.

**מארטינ.** וועגנ אָט די לעצטע מאָלנ הער איכ שוינ ניט דאָס ערשטע מאָל.

**בערטאָלד.** ניינ, כ'לעבנ. מײַנ לעצטער פרווו האָט זיכ נ'ט אײַנגעגעבנ איבער א קלייניקײַט. איצט האָב איכ שוינ אלצ אויס־גערעכנט. ס'איז אומעגלעכ, מײַנ פרווו זאָל זיכ ניט אײַנגעבנ.

**מארטינ.** עכ, פאָטער בערטאָלד! ווענ דו וואָלסט ניט ארײַנגעוואָרפנ אינ אלכימישנ פײַער אָט דאָס גאנצע געלט, וואָס איז דורכגעגאנגענ דורכ דײַנע הענט — וואָלסטו געווענ רײַכ. דו זאָגסט מיר צו אויצרעס, אונ אליינ קומסטו בעטנ א נעדאָווע. וואָס פאר א זינ איז אינ דעם פאראנ?

**בערטאָלד.** קיינ גאָלד דארפ איכ ניט, איכ זוכ דאָ בלויז דעם עמעס.

**מארטינ.** אונ איכ, — כאפט אימ דער טײַוול, דעם עמעס, — איכ דארפ גאָלד.

**בערטאָלד.** איז ווילסטו מיר מער ניט טרויענ?

**מארטינ.** איכ קענ ניט אונ איכ וויל ניט.

**בערטאָלד.** איז זײַ געזונט, שאָכנ.

**מארטינ.** זײַ געזונט!



**בערטאָלד.** איכ וועל גיינ צומ באראָנ ראול — עפשער וועט ער מיר לײַענ געלט.

**מארטינ.** באראָנ ראול? ווו זאָל ער נעמענ געלט? זײַנע וואסאלנ 1 זײַנענ רויִנירט, אונ איצט, גאָט צו דאנקענ, איז גאָר ניט אזוי לײַכט רײַכ צו ווערנ פונ רויב אפ די גרויסע טראקטנ.

**בערטאָלד.** איכ רעכנ, אז געלט האָט ער, ווײַל דער הער־צאָג האָט פאָרגענומענ א טורניר, אונ דער באראָנ קלויבט זיכ אהינ. זײַ געזונט.

**מארטינ.** אונ דו מיינסט, אז ער וועט דיר געבנ געלט?

**בערטאָלד.** ס'קענ זײַנ, אז ער וועט געבנ.

**מארטינ.** אונ דו וועסט זיי פארטאָנ אפ דעמ לעצטנ פרווו?

**בערטאָלד.** אומבאדינגט.

**מארטינ.** אונ אויב דער פרווו וועט זיכ ניט אײַנגעבנ?

**בערטאָלד.** הייסט עס, אז ס'איז ניטאָ וואָס צו טאָנ. אויב אויכ דער פרווו וועט זיכ ניט אײַנגעבנ, הייסט עס, אז די אלכימיע איז בלויז פלוידערײַ.

---

1 **וואסאל** — בא דער פעאָדאל־ריטערישער אָרדענונג — א מענטש, וואָס איז אונטערגעוואָרפנ זײַנ עלטערנ נאטשאלניק (סיוזערענ) אונ וואָס איז צו אימ פארפליכטעט מיט דינסט, מיט שטײַערנ א.ד.גל. די וואסאל־באציִונגענ האָבנ זיכ באזירט אפ דעמ ערד־באזיצ; די קלענערע ערד־באזיצער זײַנענ געווענ אונטער־געוואָרפנ דעמ באזיצער פונ דער גאנצער געגנט, געוויינלעכ דעמ טיטולירטנ ריטער (דעמ גראפ, באראָנ א.א.וו.), וועלכער איז, פונ זײַנ זײַט, געווענ א וואסאל פונ נאָכ א גרעסערנ באזיצער (הערצאָג, פירשט). די געשעענישנ, וואָס ווערנ דאָ באשריבנ, באציִענ זיכ צומ XIV יאָרהונדערט, ווענ ס'האָט זיכ שוינ אָנגעמערקט די צעלייגונג פונ דער פעאָדאלער סיסטעמ, וואָס האָט זיכ אויסגעדריקט אינ א גאנצער ריי אופשטאנדנ פונ די פויערימ קעגנ די פעאָדאלנ, אינ דעמ וווקס פונ דער בורזשואזיע (שטעטיקע האנטווערקער אונ הענדלער) אונ אינ דעמ אופקומ פונ נײַעמ מילכאָמע־געווער, אראנק וועלכנ די ריטער מיט זייער שווערער באוואָ־פענונג האָבנ שוינ ניט געשפילט אזא ראָל, ווי פריִער, א.א.וו.

מארטין. און אויב ער וועט זיך אײַנגעבן?

בערטאָלד. דעמלט... וועל איך דיר מיט פּראָצענט און מיט דאנקבארקײַט אומקערן אַלע סומעס, וואָס כ׳האָב בא דיר אנטליגן, און דעם באראָן ראול וועל איך אנטדעקן א גרויסע געהיימניס.

מארטין. פארוואָס דעם באראָן, און ניט מיר?

בערטאָלד. כ׳וואָלט גערן געוואָלט, אָבער איך קען ניט; דו ווייסט דאָך, אז איך האָב צוגעזאָגט דער הייליקער מוטער טיילן מײַן געהיימניס מיט דעם, ווער ס׳וועט מיר העלפן באם לעצטן און אנטשיידנעם פּרוּוו.

מארטין. עך, פאָטער בערטאָלד, וואָס דארפסטו עס זיך אויסברענגען! וווהין גייסטו? — ווארט: נו, זאָל זײַן אזוי. דאָס מאָל וועל איך דיר לײַען געלט! זאָל דיר גאָט העלפן. אָבער זע, האלט וואָרט. זאָל דער דאָזיקער פּרוּוו זײַן דער לעצטער און אנטשיידנער.

בערטאָלד. האָב קיין מוירע ניט, קיין צווייטן וועט מען שוין ניט דארפן...

מארטין. ווארט־זשע דאָ אויס. אָט טראָג איך דיר באלד ארויס. וויפל, זאָגסטו, דארפסטו?

בערטאָלד. הונדערט פופציק גולדען.

מארטין. הונדערט פופציק גולדען?... גאָט מײַנער! און נאָך אין אזעלכע שווערע צײַטן.

*בערטאָלד און פראנצ.*

בערטאָלד. א גוט מאָרגן, פראנצ, וואָס האָסטו זיך אזוי פארטראכט?

פראנצ. ווי זאָל איך זיך ניט פארטראכטן! דער פאָטער האָט אָקערשט געדראָט מיך ארויסטרײַבן און ניט לאָזן מיר קיין יע־רושע.



בערטאָלד. פארוואָס איז?

פראנצ. דערפאר, ווײַל איך האָב קענטשאפט מיט די ריטער.

בערטאָלד. ער איז ניט אינגאנצן גערעכט און ניט אינגאנצן אומגערעכט.

פראנצ. שוין־זשע איז א בירגער ניט ווערט צו אָטעמען מיט דער זעלבער לופט, וואָס אַן אדלמאַן? מיר שטאמען דען ניט אַלע גלײַך פון אָדעמען?

בערטאָלד. ריכטיק, ריכטיק. אָבער דאָס איז שוין לאנג געווען, פראנצ. קאַין און העוול [1] זײַנען אויך געווען ברידער, און קאַין האָט ניט געקענט אָטעמען מיט דער זעלבער לופט, וואָס העוול, — און זיי זײַנען ניט גלײַך געווען פאר גאָט. שוין אין דער ערשטער פאמיליע זעען מיר אומגלײַכהײַט און קינע.

פראנצ. צי דען בין איך שולדיק אין דעם, וואָס איך האָב ניט ליב מײַן גראד? אז ערע איז מיר טײַערער פון געלט?

בערטאָלד. יעדער גראד האָט זײַן ערע און זײַנע נוצן. דער אדלמאַן קעמפט און גרויסט זיך. דער בירגער האָרעוועט און ווערט רײַך. דער אדלמאַן ווערט געשעצט הינטער די גראטעס פון זײַן טורעם, דעם סויכער שעצט דאָס פאָלק אין זײַן קלייט, אָבער אפן טורניר וואָלט ער געווען לעכערלעך.

*ס׳קומט ארײַן מארטין.*

מארטין. אָט האָסטו דיר הונדערט פופציק גולדען — איז געדענק־זשע — דאָס טו איך דיר דאָס לעצטע מאָל.

בערטאָלד. כ׳בין דיר דאנקבאר. זייער דאנקבאר. דו וועסט זען, וועסט ניט האָבן חראָטע.

[1] קאַין און העוול — לויט דער ביבל — די זין פון אָדעמען, דעם ערשטן מענטשן אפן דער וועלט. קאַין, דער עלטערער ברודער, האָט פון קינע דערהארגעט העוולען, ווײַל גאָט האָט באוויליקט העוולס קאָרבאָנעס, און קאַינס האָט ער ניט באוויליקט.

מאַרטין. וואַרט. נו, און אויב דײַן פּרווו וועט דיר געלינ־
גען און דו וועסט האָבן געלד און רום גענוג, וועסטו דעמלט
האַנאָע האָבן פון דײַן לעבן?

בערטאָלד. איך וועל זיך פאַרנעמען נאָך מיט איין אויס־
פאָרשונג: מיר דוכט זיך, אַז ס'איז פאַראַן אַ מיטל צו אַנטדעקן
perpetuum mobile [1].

מאַרטין. וואָס הייסט perpetuum mobile?

בערטאָלד. Perpetuum mobile — דאָס הייסט אייביקע
באַוועגונג. אויב איך וועל געפינען די אייביקע באַוועגונג, זע איך
דעמלט ניט קיין גרענעצן פאַר דער מענטשלעכער שאַפונג...
זעסטו, מײַן גוטער מאַרטין: מאַכן געלד איז אַ צוציִענדיקע זאַך,
דאָס איז, מעגלעך, אַ אינטערעסאַנטע דערפינדונג — אָבער געפינען
אַ perpetuum mobile ... אָ!...

מאַרטין. פאַרנעם זיך צו אַלדע רוכעס מיט דײַן perpetuum
mobile! — אָפּ מײַן וואָרט, פאָטער בערטאָלד, דו קענסט כ'ווייס
ניט וועמען פון דער הויט אַרויסברענגען. דו פאָדערסט געלט אָפּ
אַ וויכטיקער זאַך, און רעדן רעדסטו דער רועך ווייסט וועגן וואָס.
ס'אַרא דולער!

בערטאָלד. ס'אַרא בייזער מענטש דאָס איז!

גייען זיך פאַנאַנדער אין פאַרשיידענע זײַטן.

---

פראַנץ: צו אַלדע רוכעס אונדזער גראַד!.. מײַן פאָטער איז
רײַך — וואָס קער זיך עס אָן מיט מיר? אַן אַדלמאַן, וואָס פאַר־
מאָגט ניט מער, ווי אַ טעמפּע שווערד און אַ פאַרזשאַווערטן העלם,

[1] פּערפּעטוום מאָבילע (לאַטײַן) — אַן אייביקער באַוועגער. ס'איז
געווען פאַרשפּרייט אַ פאַלשע מיינונג, אַז ס'איז מעגלעך צו שאַפן אַזאַ מאַשינ־
ע, וועלכע וואָלט, ניט אויסברענגענדיק קיין שום ענערגיע (ווי הייץ־מאַטעריאַל, וואַסער־
ענערגיע א.ד.גל.), געקענט ברענגען אין באַוועגונג אַנדערע מעכאַניזמען. אין
מיטלעלטער איז נאָך ניט געווען דערוויזן די אוממעגלעכקייט פון שאַפן אַזאַ
מעכאַניזם.



איז גליקלעכער און בעקאָוועדיקער, איידער מײַן פאָטער. מײַן
פאָטער נעמט פאַר אים אַראָפּ דעם הוט — און יענער קוקט אַפילע
ניט אָפּ אים. געלט! דערפאַר, וואָס דאָס געלט איז אים אָנגעקו־
מען ניט גרינג — מיינט ער, אַז אין געלט איז די גאַנצע מאַכט.
נו, גוט, אויב ער איז אַזוי שטאַרק, זאָל ער פּרוּוון, מײַן פאָטער,
מיך אַרײַנפירן אין פּאַלאַץ פון באַראָן. געלט! אַ ריטער דאַרף
קיין געלט ניט. דערויף זײַנען פאַראַנען בירגער. גיט מען זיי אַ
קוועטש — גיט באַ זיי דאָס בלוט אַ שפּריץ מיט רענדלעך... כאַפּט
אים דער טײַוול — אונדזער גראַד. לויט מײַן מיינונג, איז בעסער
זײַן דער לעצטער מינסטרעל [1], — דעם, יעדנפאַלס, נעמט מען אויף
אין פּאַלאַץ... די באַראָנעסע הערט זײַן געזאַנג — גיסט אים אָן
אַ טאַזע טיי און דערלאַנגט אים מיט אירע אייגענע הענט. אַ
סויכער, זיצנדיק באַ זײַנע כעזשבוינעס — רעכנט, רעכנט — שווערט
זיך, פּלײַסט זיך מיט פאַלשקײַט פאַר יעדן קוינע: — אָפּ מײַן וואָרט,
ס'איז די בעסטע סכוירע, ביליקער וועט איר אין ערגעץ ניט קריגן.
— דו ליײַגסט, דו זשיד. — ניין, וואָס רעדט איר, כ'פאַרזיכער
אײַך מיט מײַן ערנ־וואָרט... ערנ־וואָרט! אַ גוטע ערע! און דער
ריטער — ער איז פרײַ, ווי דער פאַלק־פויגל — ער האָט קיינמאָל
זײַן רוקן ניט געבויגן איבער די כעזשבוינעס — ער גייט גלײַך
און שטאָלץ — ער וועט זאָגן אַ וואָרט, און מע גלייבט אים... דאָס
איז דען אַ לעבן? כאַפּט עס דער טײַוול! כ'וועל בעסער גיין
ווערן אַ מינסטרעל. אָבער, וואָס האָט עס געזאָגט דער מאָנאַך?
אַ טורניר אין *, און אַהין פאָרט דער באַראָן... אַך, גאָט מײַנער!
דאָרט וועט אויך זײַן קלאָטילדאַ. די דאַמעס וועלן זיך אויסזעצן,
ציטערנדיק פאַר זייערע ריטער — די טרומייטן וועלן אַ הילך טאָן —
ס'וועלן אַרויסטרעטן די העראָלדן, די ריטער וועלן פאָרן אַרום
פעלד, אײַנבייגנדיק די שפּיזן פאַרן באַלקאָן פון זייערע שיינ־
הײַטן... ס'וועלן ווידער שפּילן די טרומייטן — די ריטער וועלן זיך

[1] מינסטרעל — אַ וואַנדערנדיקער זינגער, וואָס זינגט אָפּט לידער, וועלכע
ער אַליין פאַרפאַסט.

פאַנאַנדערפּאָרן און זיך אַ לאָז טאָן איינער אפן אַנדערן. די דאַ־
מעס וועלן אָנהייבן אָכצן... גאָט מײַנער! און איך וועל קיינמאָל
ניט אופהייבן דעם שטויב אפ קיין טורניר — קיינמאָל וועלן די
העראָלדן ניט אַרויסברענגען מײַן נאָמען, אָט דעם פּאַראַכטעטן
בירגערלעכן נאָמען. קיינמאָל וועט קלאָטילדאַ ניט אַ אָכץ טאָן...
געלט! ווען ער וואָלט געוווּסט, ווי די ריטער פאַראַכטן אונדז,
ניט געקוקט אפ אונדזער געלט...

אַלבער. אַך! דאָס איז פראַנץ! — אפ וועמען האָסטו זיך
אַזוי צעשריגן?

פראַנץ. אַך, איר האָט געהערט, — איך האָב מיט זיך אַליין
גערעדט.

אַלבער. און וועגן וואָס האָסטו גערעדט מיט זיך אַליין?

פראַנץ. איך האָב געטראַכט, וויאַזוי קום איך עס אפן
טורניר.

אַלבער. דו ווילסט זײַן אפן טורניר?

פראַנץ. יאָ, איך וויל.

אַלבער. זייער אַ לײַכטע זאַך — מײַן פערד־וועכטער[1] איז
געשטאָרבן — ווילסט אפ זײַן אָרט?

פראַנץ. וואָס! אײַער יאַקאָוו איז געשטאָרבן? פון וואָס
איז ער געשטאָרבן?

אַלבער. אפ מײַן וואָרט, איך ווייס ניט. — פרײַטיק איז ער
געווען געזונט און שטאַרק — אינאָוונט האָב איך זיך שפּעט אומ־

1 פערד־וועכטער — דער, וואָס טראָגט דאָס געווער — אַ מיטגייער
און מיטהעלפער פון ריטער; זײַן פליכט איז אַכטונג געבן אפ דעם געווער פון
ריטער.



געקערט אַהיים — (איך בין געווען צוגאַסט בא רעמאָנען און האָב
היפּשלעך אויסגעטרונקען); יאַקאָוו האָט מיר עפּעס געזאָגט... בין
איך אינקאַס געוואָרן און האָב אים אַ קלאַפּ געטאָן — דוכט זיך,
איבערן פּאָנעם, און עפּשער אין שלייף — אָבער, ניין, טאַקע אי־
בערן פּאָנעם. יאַקאָוו איז געפאַלן און איז מער ניט אופגעשטאַ־
נען. איך האָב זיך געלייגט שלאָפן מיטן אָנטאָן, און אפן צווייטן
טאָג דערוויס איך זיך, אַז מײַן יאַקאָוו האָט געמאַכט אַ שטאַרב.

פראַנץ. אײַ! ריטער, ווײַזט אויס, אײַערע פּעטש זײַנען
שווער.

אַלבער. איך בין געווען אין אַן אײַזערנער הענטשקע. נו,
וואָס, דו ווילסט זײַן מײַן פערד־וועכטער?

פראַנץ (קראַצט זיך). אײַער פערד־וועכטער?

אַלבער. וואָס זשע קראַצסטו זיך? שטים אײַן. איך וועל
דיך נעמען אפן טורניר — דו וועסט וווינען בא מיר אין פּאַלאַץ.
זײַן אַ פערד־וועכטער בא אַזאַ ריטער, ווי איך, איז ניט קיין קליי־
ניקייט: דאָס איז דאָך שוין עפּעס אַ שטופּע. מיט דער צײַט, ווער
ווייסט, וועלן מיר דיך עפּשער זאַלבן[1] פאַר אַ ריטער — אַ סאַך
האָבן אַזוי אָנגעהויבן.

פראַנץ. און וואָס וועט זאָגן מײַן פּאָטער?

אַלבער. וואָס איז זײַן אייסעק?

פראַנץ. ער וועט מיך פאַרשעלטן און וועט מיר ניט לאָזן
קיין יערושע.

אַלבער. דו שפּײַ זיך אויס — דיר וועט דאָך זײַן לײַכטער...

פראַנץ. און איך וועל וווינען בא אײַך אין פּאַלאַץ?

1 קעדיי ווערן אַ ריטער, האָט מען באַדאַרפט דורכמאַכן אַ באַזונדער צערע־
מאָניע פון זאַלבן.

אלבער. פארשטייט זיכ. נו, מאסקימ?

פראנצ. איר וועט מיר ניט געבנ קיינ פּעטש?

אלבער. ניינ, ניינ, האָב קיינ מוירע ניט. אונ אויב ס'וועט זיכ יאָ אזוינס טרעפנ, איז אויכ קיינ אומגליק ניט — ניט אלע פערד־וועכטער ווערנ דערהארגעט אפ טויט.

פראנצ. דאָס איז אויכ ריכטיק. אונ אויב ס'וועט זיכ אזוינס טרעפנ, וועלנ מיר זענ, ווער וועמענ.

אלבער. וואָס? וואָס זאָגסטו? איכ האָב דיכ ניט פאר־שטאנענ.

פראנצ. אזוי זיכ. איכ האָב מיט זיכ אליינ גערעדט.

אלבער. נו, איז זײַ מאסקימ.

פראנצ. ביטע, כ'בינ מאסקימ.

אלבער. האָסט אפילע ניט באדארפט קלערנ. איז קריג דיר א פערד אונ קומ צו מיר.

———

בערטא אונ קלאָטילדא.

קלאָטילדא. בערטא, דערציייל מיר עפּעס, מיר איז לאנג־ווײַליק.

בערטא. וועגנ וואָס זשע זאָל איכ אײַכ דערציילנ? שוינ־זשע וועגנ אונדזער ריטער?

קלאָטילדא. וועגנ וואָס פאר א ריטער?

בערטא. וועגנ דעמ, וואָס האָט געזיגט אפנ טורניר.

קלאָטילדא. וועגנ ראָטענפעלדנ. ניינ, וועגנ אימ וויל איכ ניט רעדנ: שוינ צוויי וואָכנ, אז מיר האָבנ זיכ אומגעקערט, אונ ער האָט זיכ נאָכ ניט אויסגעקליבנ קומענ צו אונדז. דאָס איז פונ זײַנ זײַט אומהעפלעכ.



בערטא. ווארט אויסעט — איכ בינ זיכער, אז ער וועט זײַנ מאָרגנ...

קלאָטילדא. פארוואָס מיינסטו אזוי?

בערטא. דערפאר, וואָס איכ האָב אימ געזענ אינ כאָלעמ.

קלאָטילדא. אוי, גאָטעניו! אויכ מיר א באווײַז. דאָס איז גאָרניט. איכ זע אימ אלע נאכט אינ כאָלעמ.

בערטא. דאָס איז אנ אנדער זאכ — איר זײַנט פארליבט אינ אימ.

קלאָטילדא. איכ בינ פארליבט! איכ בעט דיכ, רעד ניט קיינ נארישקײַטנ. אונ וועגנ ראָטענפעלדנ איז ניטאָ וואָס צו רעדנ — דו דערצייל וועגנ עמעצנ אנדערש.

בערטא. וועגנ וועמענ־זשע? וועגנ ברודערס פערד־וועכ־טער — וועגנ פראנצנ?

קלאָטילדא. ביטע, דערצייל מיר וועגנ פראנצנ.

בערטא. שטעלט זיכ פאָר, מײַנ גנעדיקע, אז ער איז דול פונ ליבע צו אײַכ.

קלאָטילדא. פראנצ איז דול פונ ליבע צו מיר? ווער האָט דיר געזאָגט?

בערטא. קיינער ניט. איכ האָב עס אליינ באמערקט. ווענ איר זעצט זיכ רײַטנדיק, האלט ער אײַכ שטענדיק די סטרעמענ. ווענ ער באדינט באמ טיש — זעט ער קיינעמ ניט, אכוצ אײַכ. ווענ בא אײַכ פאלט אראָפּ דאָס נאָז־טיכעלע, הייבט ער עס אופ פלינקער, ווי עס טוענ עס אלע אנדערע. אונ אפ אונדז קוקט ער אפילע ניט.

קלאָטילדא. אָדער דו ביסט א נאר, אָדער פראנצ איז א אויסערסט כוצפּעדיק באשעפעניש.

ס'קומענ ארײַנ אלבער, ראָטענפעלד אונ פראנצ.

אלבער. שוועסטער, איך שטעל דיר פאָר דײַן ריטער. דער גראף איז געקומען אין אונדזער פּאַלאַץ.

גראף. אײדעלע פרײַלן, דערלויבט מיר, אײַער אומווירדיקן ריטער, נאָכאַמאָל א קוש טאָן אָט די ווונדער־שײנע האַנט, פון וועלכער איך האָב באַקומען דעם קאָסטבאַרסטן לוין.

קלאָטילדא. גראף, איך בין צופרידן, וואָס איך האָב די ערע אײַך אופנעמען בא זיך... ברודער, איך וועל אפּ אײַך וואַרטן אין דעם צאַפּנדיקן טורעם. (גײט אוועק).

גראף. ווי שײן זי איז!

אלבער. זי איז אויסערגעווײנלעך גוט. פאַרוואָס־זשע טוט איר זיך ניט אויס, גראף, ווו זײַנען אײַערע דינער? פראַנץ, נעם אראָפּ די שיך באַם גראף... פראַנץ, דו ביסט טויב? (פראַנץ אײַלט זיך ניט).

פראַנץ. איך בין דאָך ניט קײן וועלט־דינער, איך זאָל אויסטאָן די שיך יעדן אײנעם...

גראף. אָהאָ, ס'אַרא פלינקער!

אלבער. גרוביאַן! (ווײַל אים א פּאַטש טאָן). איך וועל דיך אַרויסטרײַבן!

פראַנץ. איך בין אלײן גרײט פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ.

אלבער. מוזשיק אײנער, דו נידעריק באַשעפעניש! אַנטשולדיקט, גראף, איך וועל זיך מיט אים צערעכענען... וואָן! (שטופּט אים אין פּלײצע). דײַן אָטעם זאָל דאָ ניט זײַן.

גראף. איך בעט אײַך, טשעפּעט ניט דעם דאָזיקן טיפּעש, ער האָט עס ניט די ווערט.

———



קלאָטילדא. ברודערל, איך האָב צו דיר א ביטע.

אלבער. וואָס ווילסטו?

קלאָטילדא. איך בעט דיך, טרײַב אַרויס דײַן פערד־וועכטער פראַנץ, ער האָט זיך דערלויבט מיר זאָגן גראָבקײַטן...

אלבער. וואָס! דיר אויך?.. א שאָד, וואָס איך האָב אים שוין אַרויסגעטריבן. ער וואָלט פון מיר אַזוי לײַכט ניט אַרויס. וואָס־זשע האָט ער געטאָן?

קלאָטילדא. גאָרנישט. אויב דו האָסט אים שוין אַרויסגעטריבן, איז ניט קעדײַ וועגן דעם צו רײדן. זאָג מיר, ברודערל, ווי לאַנג וועט דער גראף זײַן בא אונדז?

אלבער. איך רעכן, שוועסטער, אַז דאָס וועט זײַן אָפּהענגיק פון דיר. וואָס־זשע רויטלסטו זיך?

קלאָטילדא. דו שפּאַסט אַלץ, און ער קלערט אפילע ניט.

אלבער. ער קלערט ניט? וועגן וואָס־זשע?

קלאָטילדא. אַך, ברודערל, דו ביסט אומדערטרעגלעך! איך זאָג, אַז דער גראף טראַכט אפילע ניט וועגן מיר.

אלבער. מיר וועלן זען, מיר וועלן זען — וואָס ס'וועט זײַן, וועט זײַן.

———

פראַנץ. אָט איז אונדזער שטוב... פאַרוואָס האָב איך זי באַדאַרפט פאַרלאָזן צוליב דעם שטאָלצן פּאַלאַץ? דאָ בין איך געווען א באַלעבאָס, און דאָרט... א דינער — און צוליב וואָס... צוליב די שטאָלצע בליקן פון דער פּרעכער אײדעלער פרײַלן... איך האָב געליטן דערנידעריקונג, איך האָב זיך דערנידעריקט אין מײַנע אײגענע אויגן — איך בין געוואָרן א דינער פון דעם, ווער ס'איז געווען מײַן כאַווער, איך בין געווינט געווען אַריבערטראָגן

די קינדערשע באַלײדיקונגענ פונ א נאַרישנ צעבאַלעװעטנ לײַדאַק — איכ האָב גאָרניט באַמערקט... איכ, װאָס האָב נימ געװאָלט זײַנ אָפּהענגיק פונ פאָטער — בינ געװאָרנ אָפּהענגיק פונ א פרעמדנ. אונ מיט װאָס האָט זיכ דאָס אַלצ געענדיקט? — גאָט מײַנער, דאָס בלוט װאַרפט זיכ מיר אינ פּנעם, מײַנע פויסטנ דריקנ זיכ צונויפ... אָ, איכ װעל זיכ אינ זײ נויקעמ זײַנ... איכ װעל זיכ אינ זײ נויקעמ זײַנ... װי װעט מיכ דער פאָטער באַגעגענענ?

(קלאַפּט).

קאַרל (קומט אַרויס). װער קלאַפּט עס דאָרט אַזױ שטאַרק? אָ, פראַנצ, דאָס ביסטו? (פאַר זיכ) דער רוצח האָט אים געבראַכט.

פראַנצ. א גוט מאָרגנ, קאַרל, דער פאָטער איז אינדערהײמ?

קאַרל. אַכ, פראַנצ, שוינ לאַנג ביסטו דאָ נימ געװעזנ... שוינ א כױדעש צײַט, אַז דײַנ פאָטער איז געשטאָרבנ.

פראַנצ. מײַנ פאָטער איז געשטאָרבנ? ס׳קענ נימ זײַנ.

קאַרל. װײַזט אויס, ס׳קענ יאָ זײַנ, אויב מ׳האָט אים שוינ באַהאַלטנ.

פראַנצ. גאָט מײַנער! װאָס רעדסטו?.. אומגליקלעכער, אומגליקלעכער אַלטער... אונ מע האָט מיר נימ געגעבנ צו װיסנ, אַז ער איז קראַנק! עפּשער איז ער קראַנק געװאָרנ פונ צאָרעס, ער האָט מיכ ליב געהאַט — ער האָט טיפ געפילט. קאַרל — אונ דו האָסט נימ געקענט שיקנ נאָכ מיר — ער װאָלט מיכ געבענטשט...

קאַרל. ער איז אײנגעפאַלנ געװאָרנ אויפ דעמ פריקאַשטשיק אונ האָט אויפ דער הײסער מינוט אויסגעטרונקענ דרײַ פלעשער ביר, אונ איז דערפונ געשטאָרבנ. װאָס נאָכ, פראַנצ, ער האָט דאָכ דיר נימ געלאָזט קײנ יערושע — אונ האָט דאָס גאַנצע גוטס זײַנס אָפּגעגעבנ...



פראַנצ. װעמענ?..

קאַרל. איכ װאַג דיר נימ זאָגנ, דו ביסט אַזאַ היציקער...

פראַנצ. איכ װײס: דיר...

קאַרל. גאָט איז אַנ אײדעס, איכ בינ נימ שולדיק. — איכ בינ גרײט געװענ דיר אַלצ אָפּגעבנ, װײַל, פאַרשטײסטו מיכ, כאָטש דער געזעצ איז אויפ מײַנ זײַט — אָבער דאָכ, איכ האָב א געװיסנ, איכ פיל, אַז פונדעסטװעגנ איז דער זונ א יוירעש פונ פאָטער, נימ דער געזעל. אָבער, פאַרשטײסטו מיכ, פראַנצ... איכ האָב געװאַרט אויפ דיר, אונ דו ביסט נימ געקומענ — האָב איכ כאַסענע געהאַט. אונ איצט, אַז איכ בינ שוינ פאַרהײראַטעט, װײס איכ נימ, װאָס צו טאָנ אונ װאָס צו קלערנ.

פראַנצ. דו באַזיצט מײַנ יערושע, קאַרל, איכ פאָדער זי נימ בײַ דיר — מיט װעמענ האָסטו כאַסענע געהאַט?

קאַרל. מיט יוליע פורסט, מײַנ גוטער פראַנצ, מיט דער טאָכטער פונ טאָמאַס פורסט, אונדזער שאָכנ... איכ װעל זי דיר װײַזנ. אויב דו װילסט בלײַבנ, איז בײַ מיר פאַראַנ א לײדיקער װינקל...

פראַנצ. נײנ, א דאַנק, קאַרל — גריס יוליענ — אונ אָט גיב איר אויפ אָט דאָס זילבערנע קײטעלע — פונ מיר אַנ אָנדענק...

קאַרל. גוטער פראַנצ! — װילסט מיט אונדז עסנ מיטיק, מיר האָבנ זיכ נאָרװאָס געזעצט צומ טיש.

פראַנצ. כ׳קענ נימ, כ׳אײַל זיכ...

קאַרל. װוהינ?

פראַנצ. אַזױ, איכ װײס אַלײנ נימ. זײַ געזונט!

קאַרל. זײַ געזונט, זאָל דיר גאָט העלפנ. (פראַנצ גײט אַװעק). ס׳אַרא װילער יאַט ער איז, ס׳איז נאָר א שאָד, װאָס ער איז

אזוי אויסגעלאָסן. נו, איצט בין איך גאַנץ רויִק. איך וועל ניט האָבן ניט קיין לאָדעניש און ניט קיין זאָרגן.

---

וואַסאַלן, באַוואָפנט מיט קאָסעס און שטעקנס.

פראַנץ. זיי וועלן דורכפאָרן אָט דאָס לאָנקעלע — זעט־זשע, ניט געשראָקן זיך! לאָזט זיי צו וואָס נעענטער — שניידט דאָס גראָז. די ריטער וועלן אָפּ אייַך א געשריי טאָן און זיך א לאָז טאָן — זאָלט איך זיך דאָ צעפּאָכען מיט די קאָסעס — און איבער די פערדישע פיס. און מיר וועלן פון וואַלד אָנקומען... שאַ, אָט זייַנען זיי...

פראַנץ מיט א טייל וואַסאַלן באַהאַלטן זיך אין וואַלד.

שניטער (זינגען).

גייט די קאָסע איבערן פּליִנג,
גרינע פאַסן, איינס נאָך איינס,
נאָך דער קאָסע שפּרייט זיך —
אוי, מייַן קאָסעלע, מייַן שיינס!
אוי, מייַן האַרץ, עס פרייט זיך!

עטלעכע ריטער, צווישן זיי אַלבער און ראָטענפעלד.

די ריטער. היי, איר, אַוועקט פון וועג, זאָגט מען אייַך...

די וואַסאַלן נעמען אַראָפּ די היטלען און רירן זיך ניט.

אַלבער. אַוועקט, זאָגט מען אייַך... וואָס הייסט עס, ראָטענפעלד? זיי רירן זיך ניט פון אָרט.

ראָטענפעלד. אָט לאָמיר צושפּאָרען די פערד און זיי גוט א טרעט טאָן...

די שניטער. כעוורע, זיך האַלטן פעסט...

די פאַרוווּנדעטע פערד פאַלן צוזאַמען מיט די ריטערס, די איבעריקע פערד טראָגן זיך ווילד.



פראַנץ (לויפט אַרויס פון באַהעלטעניש). פאָרויס, כעוורע! או! או!

איין ריטער צום צווייטן. שלעכט, ברודער, זיי זייַנען העכער הונדערט מאַן!

דער צווייטער. נישקאָשע, מיר זייַנען נאָך פינעף אַף די פערד.

די ריטער. אויסוואַרפן, הינט, אָט וועלן מיר אייַך!

די וואַסאַלן. או! או! או!..

א געשלעג, אַלע ריטער פאַלן איינער נאָכן אַנדערן. די וואַסאַלן שלאָגן זיי מיט די דרענגלעך, מיט די קאָסעס.

ס'איז אונדזער זיג... בלוטזויגער! מערדער! שטאָלצע פאַסקודניאַקעס! איצט זייַנט איר אין אונדזערע הענט!..

פראַנץ. וועלכער פון זיי איז ראָטענפעלד? פרייַנט! הייבט אוף די פאַנצערס, ווו איז אַלבער?

ס'פאָרט אָן א צווייטע גרופּע ריטער.

איינער פון זיי. מייַנע הערן! גיט א קוק! וואָס הייסט עס? דאָ שלאָגט מען זיך!

א צווייטער. דאָס איז אַן אופשטאַנד, דער פּרעכער האָמוין שלאָגט די ריטער.

די ריטער. הערן! הערן!.. די שפּיזן צילט אָן! די שפּאָרן...

די אָנגעפּאָרענע ריטער פאַלן אָן אַף די וואַסאַלן.

די וואַסאַלן. שלעכט! שלעכט! דאָס זייַנען ריטער! (צעלויפן זיך).

פראַנץ. וווהין לויפט איר? קוקט זיך אום, זיי זייַנען אַפילע קיין צען אירע ניט!

ער איז פאַרוווּנדעט; די ריטער כאַפּן אים פאַרן האַלדז.

איינער פון די ריטער. וואַרט אויס, ברודער, דו וועסט נאָך באַווייַזן פריידיקן פאַר זיי.

א צווייטער. און די דאָזיקע נידערטרעכטיקע באַשעפּעניש האָבן געקענט באַזיגן די איידעלע ריטער — גיט נאָר א קוק: איינער, צוויי, דריי... ניין ריטער זיינען דערהאַרגעט. ס'איז דאָך א שרעק!

די ליגנדיקע ריטער שטייען אוף איינער נאָכן אנדערן.

די ריטער. וואָס! איר לעבט?

אלבער. אַדאַנק די אייזערנע פּאַנצערס... (אלע לאַכן). אַהאַ, פּראַנץ, דאָס ביסטו, מיין פריינט? כ'בין זייער צופרידן, וואָס איך האָב דיך באַגעגנט... הערן ריטער, מיר באַדאַנקען אייך פאַר דער גרויסמוטיקער הילף.

איינער פון די ריטער. ניטאָ פאַר וואָס. אַף אונדזער אָרט וואָלט איר געטאָן דאָס זעלבע.

אלבער. קען איך האָבן די דרייסטקייט פאַרבעטן אייך צו זיך אין פּאַלאַץ אַף א טאָג דריי זיך אָפּרוען נאָך דעם שלאַכט און, ווי גוטע פריינט, א הוליע טאָן?

די ריטער. אַנטשולדיקט, וואָס מיר קענען ניט אויסנוצן אייער איידעלע גאַסטפריינטלעכקייט, מיר איילן אַף דער לעוויַיע פונעם עלסבערגער פּרינץ — און מיר האָבן מוירע, אַז מיר וועלן פאַרשפּעטיקן.

אלבער. איז טוט מיר, יעדנפאַלס, די ערע און עסט בא מיר אַף אָוונטברויט.

די ריטער. מיט פאַרגעניגן, — אָבער איר האָט דאָך קיין פערד ניט — דערלויבט אייך פאָרלייגן אונדזערע: מיר וועלן זיך זעצן הינטער אייך, ווי די באַפּרייטע שיינהייטן (זעצן זיך). און דעם דאָזיקן כעוורעמאַן וועלן מיר שוין צופירן צו דער ערשטער טליע. מיינע הערן, העלפט מיר צובינדן אים צום עק פון מיין פערד.



# ראָטענפעלדס פּאַלאַץ.

די ריטער עסן אָוונטברויט.

איין ריטער. אויסגעצייכנטער וויין!

ראָטענפעלד. ער איז אַלט העכער הונדערט יאָר... מיין עלטערזיידע האָט אים אַוועקגעשטעלט אין קעלער פאַר זיין אַוועקפאָרן קיין פּאַלעסטינע[1], ווו ער איז פאַרבליבן. די דאָזיקע רייזע האָט אים געקאָסט צוויי שלעסער און דאָס ראָטנפעלדער וועלדל, וואָס ער האָט פאַרקויפט האַלב אומזיסט עפּעס א יעפּיסקאָפּ[2].

די ריטער. אויסגעצייכנטער וויין! פאַרן געזונט פון דער שיינער איידעלער מאַדאַם!

קלאָטילדא. א דאַנק אייך, ריטער... פאַרן געזונט פון אייערע דאַמען... (טרינקט).

ראָטענפעלד. פאַרן געזונט פון אונדזערע רעטער!

די ריטער. פאַרן געזונט פון אונדזערע רעטער!

איינער פון די ריטער. ראָטענפעלד, אייער יאָנטעוו איז וווּנדערלעך; נאָר עפּעס פעלט אויס.

ראָטענפעלד. איך ווייס, עס פעלט קיפּרישער וויין[3], אָבער וואָס קאָן מען טאָן, ער איז אינגאַנצן אויסגעגאַנגען יענע וואָך.

---

1 אין מיטלעלטער האָט ראָס אייראָפּייִשע ריטערטום, מיטן ציל פון קאָלאָניזאַציע, פאָרגענומען עטלעכע קריגס־מאַרשן קעדיי איינעמען פּאַלעסטינע (XII — XIII יאָרהונדערט), אונטער דעם אויסרייד, קלוימערשט צו באַפּרייען „די הייליקע ערטער“ פון די טערקן.

2 יעפּיסקאָפּ — דער עלצטער גייסטלעכער. אין דער פעאָדאַלער עפּאָכע האָט די גייסטלעכע אַריסטאָקראַטיע געהאַט די זעלבע רעכט, וואָס גרויסע ערד־אייגנטימער.

3 קיפּרישער ווין — שטאַרקער, זיסער וויין (ענלעך אַף מוסקאַט), וואָס ווערט געמאַכט אַפן אינדזל קיפּר און האָט פון דווירעס־לאַנג א גוטן שעם.

**ריטער.** ניין, ניט קיין קיפּרישער וויַין, ס'פעלן לידער פון א מינעזינגער [1].

**ראָטענפעלד.** עמעס, עמעס... עפשער איז דאָ נאָענט פאַראַן א מינעזינגער? גייט זיך נאָר דורך אין גאַסטהויז.

**אלבער.** וואָס דאַרפן מיר בעסער? פראַנץ איז דאָך נאָך ניט אופגעהאַנגען. רופט אים נאָר אריַין אהער.

**ראָטענפעלד.** טאקע גערעכט. רופט נאָר אריַין אהער פראַנצן.

**ריטער.** ווער איז דער פראַנץ?

**ראָטענפעלד.** טאקע אָט יענער אויסוווּרף, וועמען איר האָט היַינט גענומען אין געפענקעניש.

**ריטער.** איז ער א מינעזינגער אויך?

**אלבער.** אָ! אלץ, וואָס איר ווילט. אָט איז ער!

**ראָטענפעלד.** פראַנץ, די ריטער ווילן הערן דיַינע לידער,— אויב דו האָסט פאר שרעק ניט פארלאָרן דיַין זיקאָרן, און אויב דיַין שטים איז ניט פארפאלן געגאַנגען.

**פראַנץ.** וואָס האָב איך צו מוירע האָבן? ביטע, איך קען איַיך דורכזינגען א ליד, וואָס כ'האָב אליין פארפאַסט. מיַין שטים וועט ניט קיין ציטער טאָן, און מיַין צונג האָט מיר ניט אָפּגענומען.

**ראָטענפעלד.** מירן זען, מיר וועלן זען. נו, הייב אָן.

**פראַנץ** (זינגט).

האָט געלעבט א ריטער אָרעם,
שטיל, פאר ליַיטן פראָסט זיך וויַיזט.
אפן אויסזען בלאס, פארומערט,
שטרענג און דרייסט אין שטאָלצן גיַיסט.

[1] מינעזינגער — דאָס זעלבע, וואָס מינסטרעל.



ס'קומט צו אים א הויכע זעונג,
ווי א סוידעסדיקער בליץ,
טיף פארכאַפּט אים האָט די זעונג
און אין הארצן זיך פארקריצט.

און פון דעמלט האָט ער קיינמאָל
אף קיין פרויען ניט געקוקט,
ביזן טויט שוין צו קיין איינער
ניט געגריסט זיך, ניט געבוקט.

אפן האלדז, אָנשטאָט א שארפל,
האָט ער קרעלן אָנגעטאָן,
ניט געוואָלט אראָפּצוווארפן
פון געזיכט די נעץ פון שטאָל.

פול געווען מיט ריינער ליבע,
טריַי דעם טרוים, וואָס אים פארהילט,
**א.מ.ד.** [1] האָט ער פארשריבן
מיט זיַין בלוט אף רונדן שילד.

אין מידבאָריעס פאלעסטינער,
ווען אין הייסער שלאכט באַנאַנד
האָבן געיאָגט זיך פאלאדינען [2]
און די דאמען הויך דערמאַנט,—

Lumen coeli, sancta Rosa! [3]—
ווילד געשריגן האָט ער דאן,
און דאָס שלאכט־פעלד האָט פארלאָזן
דער פארפלוכטער מאכמעדאַן.

[1] א. מ. ד. 1 — די אָנהייב־אויסיעס, די איניציַאלן פון די לאטיַינישע ווערטער Ave mater dei, ד. ה.: זיַי געלויבט, גאָטס מוטער.
[2] פאלאדינן — א ריטער.
[3] הימלשע ליכט, הייליקע רויז (לייענט זיך—ליומען צעלי, סאנקטא ראָזא)— א לאטיַינישע פראזע.

צו זייַנ ווייַטנ שלאָס דעם גרויענ —
קומט דער ריטער פונ זייַנ וועג ;
אלצ אינ שווייַגנ, אלצ אינ טרויער,
ווי א דולער שטארבט אוועק.

ראָטענפעלד. אנ אויסגעצייכנטע ליד. נאָר זי איז א צו טרויעריקע. צי האָסטו ניט עפּעס פריילעכערס?

פראנצ. ביטע, ס'איז פאראנ אויכ פריילעכערס.

ראָטענפעלד. איכ האָב אימ ליב דערפאר, וואָס ער נעמט זיכ ניט צומ הארצנ. נא דיר א בעכער וויַינ.

פראנצ.

קומט באנאכט דער מילנער... „ווייַבל!
וואָס פאר שטיוול שטייענ דאָ?" —
אכ, דו שיקער איינער, לייַדאק!
וואָס פאר שטיוול זעסטו דאָ?
ביסט, ווייַזט אויס, אראָפּ פונ זינענ?
ס'איז דאָכ עמער. — „עמער? זע נאָר!
אָט איכ לעב שוינ פערציק יאָר, —
ניט אינ שלאָפּ, ניט אינ דער וואָר,
אזא פאל איז ניט געווענ,
כ'זאָל אפּ עמער שפּאָרנ זעג".

ריטערס. אנ אויסגעצייכנטע ליד! אנ אויסגעצייכנטע ליד. אָט א מינעזינגער!

ראָטענפעלד. אונ פונדעסטוועגנ וועל איכ דיכ אופהענגענ.

ריטערס. פארשטייט זיכ — די ליד איז זיכ א ליד, אונ די שטריק איז זיכ א שטריק. איינס דעמ צווייטנ שטערט ניט.

קלאָטילדא. הערנ ריטערס! איכ האָב צו אייַכ א ביטע. זאָגט מיר צו, אז איר וועט מיר ניט אָפּזאָגנ.



ריטער. וואָס פארלאנגט איר?

צווייטער. מיר זייַנענ גרייט אלצ פאָלגנ.

קלאָטילדא. איז ניט מעגלעכ באגנעדיקנ דעמ דאָזיקנ אָרעמענ מענטשנ? ער איז שוינ גענוג באשטראָפט — אי פארווונדעט גע-וואָרנ, אי איבערגעלעבט שרעק פאר דער טליע.

ראָטענפעלד. באגנעדיקנ... איר קענט ניט אָט די אויס־וווּרפנ. אויב מ'זאָל זיי גוט ניט אָנשרעקנ אונ שוינענ זייער אָנ־פירער, וועלנ זיי מאָרגנ ווידער זיכ צעבונטעווענ...

קלאָטילדא. ניינ, איכ גאראנטיר פאר פראנצנ. פראנצ! איאָ, אויב מ'וועט דיכ באגנעדיקנ, וועסטו מער ניט בונטעווענ?

פראנצ (שטארק פארשעמט). מאדאמ... מאדאמ...

ריטער. נו, ראָטענפעלד... א דאמע פאָדערט, קענ קיינ רי־טער ניט אָפּזאָגנ. מ'דארפ אימ באגנעדיקנ.

די ריטער. מ'דארפ אימ באגנעדיקנ.

ראָטענפעלד. זאָל זייַנ אזוי. מיר וועלנ אימ ניט אופהענ־גענ — מיר וועלנ אימ פארשליסנ אינ טורמע, אונ איכ גיב מייַנ ערנ־וואָרט, אז ער וועט פונ דאָרט ניט ארויסגיינ, ביז וואנענ די ווענט פונ מייַנ שלאָס וועלנ זיכ ניט אופהייבנ אינדערלופטנ אונ וועלנ זיכ ניט צעשיטנ...

די ריטער. זאָל זייַנ אזוי...

קלאָטילדא. אָבער...

ראָטענפעלד. מאדאמ, איכ האָב געגעבנ מייַנ ערנ־וואָרט...

פראנצ. ווי, אייביקע טורמע! פונמייַנעטוועגנ, בעסער שטארבנ!

ראָטענפעלד. דײַנ מיינונג פרעגט קיינער ניט — פירט אימ אָפּ אינ טורמע!..

מ׳פירט אוועק פראנצנ.

פראנצ. דאָכ, האָב איכ איר צו דאנקענ, וואָס איכ בינ גע־בליבנ לעבנ.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

—

# קורצע יעדיִעס וועגנ פושקינס דראמעס.

## באָריס גאָדונאָוו.

די טראגעדיע האָט פושקינ פארטראכט אונ אָנגעשריבנ אינ דאָרפ מיכײַ־לאָווסקאָיע, וווהינ מע האָט אימ ארויסגעשיקט פונ אָדעס. אינ מארט 1824 י. זײַנענ דערשינענ צוויי בענדער פונ קאראמזינס „געשיכטע פונ דער רוסלענדישער מעלוכע" (בב. X אונ XI), ווו עס זײַנענ איבערגעגעבנ די געשעענישנ, וואָס האָבנ געדינט אלס מאטעריאל פאר דער טראגעדיע. נאָכ אפ דאָרעמ, האָבנדיק נאָענטע באציִונגענ מיט די דאָרעמדיקע דעקאבריסטנ, האָט פושקינ פארטראכט א גרויס ווערק פונ דער געשיכטע פונ רוסלאנד. די וויקוכימ וועגנ טראגעדיע האָבנ אימ ארופגע־שטויסנ אפ דער דראמאטישער פאָרמע. אינ קאראמזינס „געשיכטע" האָט ער געפונענ מאטעריאל פאר א רוסישער טראגעדיע וועגנ אנ אוזורפאטער. דער סיוזשעט וועגנ דעמ אוזורפאטער איז געווענ דער טראדיציאָנעלער סיוזשעט פונ טראגעדיעס. פאר דער פּאָליטישער סיטואציע פונ די 20־ער יאָרנ איז די פראגע וועגנ אוזורפאטער געווענ זייער אקטועל, ווײַל די פּאָליטישע געשעענישנ פונ דער אייראָפּייִשער געשיכטע האָט מענ פארבונדנ מיט די נעמענ פונ אלעקסאנדער אונ נאפּאָלעאָנ, וועלכע מע האָט באטראכט ווי אוזעלכע, וואָס האָבנ אומגעזעצלעכ פארכאפּט דעמ טראָנ. אלעקסאנדער I האָט פארכאפּט דעמ טראָנ דורכ א הויפ־איבערקערעניש, וואָס האָט זיכ געענדיקט מיט דער דערמאָרדונג פונ זײַנ פאָטער פּאוועל, אונ נאפּאָלעאָנ האָט פארכאפּט דעמ טראָנ דורכ מיליטערישער קראפט, אינ רעזולטאט פונ צעטרײַבנ די רעוואָליוציאָנערע געזעצגעבערישע אנשטאלטנ אונ באזײַטיקנ די קאנדידאטנ פונ דער אלטער קיניגלעכער דינאסטיע (קעפּונג פונעמ הערצאָג אנגיענסקי). אינ קאראמזינס „געשיכטע" האָט פושקינ געפונענ די שילדערונג פונ צוויי אוזורפאטערס — פאלשער דימיטרי אונ באָריס גאָדונאָוו. גאָדונאָוו, לויט קאראמזינס מיינונג, איז געקומענ צו דער מאכט דורכ באזײַטיקנ דעמ געזעצלעכנ יורש דימיטרי. דאָס אלצ האָט צוגעגעבנ דעמ דאָזיקנ סיוזשעט א שארפנ פּאָליטישנ כאראקטער. פושקינ האָט אָבער געבויט זײַנ טראגעדיע ניט ווי

א דורכזיכטיקע אלעגאָריע, מיט דער מעגלעכקײַט אָנצווענדן זי צו דער הײַנט־צײַטיקייט, נאָר ווי אַן אָביעקטיווע היסטאָרישע „כראָניק", — אין גײַסט פון שעקספּירס כראָניקעס, — וואָס אנטהאלט א היסטאָרישן „מוסער־האסקל", וועלכער האָט א גרויסן באַטײַט פאר דער הײַנטצײַטיקייט. אלע פאקטן האָט ער גענומען בא קאראמזינען, אָבער ער האָט זיי צוגעגעבן אַן אייגענע באלויכטונג. פּושקינען האָט אינטערעסירט אויך די ליטעראַרישע זײַט; מיט זײַן טראגעדיע האָט ער געוואָלט רעפאָרמירן די רוסישע סצענע.

די ארבעט איבער „באָריס גאָדונאָוו" האָט געדויערט פון דעקאבער 1824 י. ביזן 7 נאָיאבער 1825. אין 1828 יאָר האָט פּושקין פאָרגעלייענט זײַן טראגעדיע זײַנע פרײַנט (וואָלפן און דעם פּאָעט יאזיקאָוו), וואָס זײַנען געקומען צו פאָרן קיין מיכײַלאָווסקאָיע, און דערנאָך האָט ער אין מאָסקווע געמאכט עטלעכע פאָרלעזונגען אין פּריוואטע הײַזער (בא סאָבאָליעווסקין, וויאזעמסקין, בא די ווענעוויטינס א. אנד.). ווען ס'זײַנען צו דער רעגירונג דערגאנגען קלאנגען וועגן די דאָזיקע פאָרלעזונגען, האָט דער זשאנדארמען־שעף (דער שעף פון דער פּאָליטישער פּאָליציי) בענקענדאָרף אויפגעפאָדערט פון פּושקינען, ער זאָל געבן דערקלערונגען און צושטעלן דעם טעקסט פון דער טראגעדיע. דעם קסאוויאד האָט מען איבערגעגעבן בולגארינען אָפּ איבערקוקן און מיט זײַן אָפּרוף האָט מען אים איבערגעשיקט ניקאָלײַ דעם I, וועלכער האָט, אָפּן יעסאָד פון בולגארינס אָפּרוף, געפּאָדערט בא פּושקינען, ער זאָל די פּיעסע „אָפּרייניקן" און זי איבערמאכן פאר א ראָמאן. פּושקין האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איבערמאכן, און מע האָט, אזויארום, די פּיעסע ניט דערלויבט. אין 1829 י. האָט פּושקין געמאכט א נײַעם פּרווו צו דערשלאָגן זיך א דערלויבעניש, און מע האָט אים ווידער אָפּגעזאָגט, און בלויז אָפּן צווייטן יאָר האָט מען אים דערלויבט דרוקן „באָריס גאָדונאָוו" „אונטער זײַן אייגענער פאראנטוואָרטלעכקײַט". פון דער טראגעדיע האָט מען ארויסגענומען עטלעכע ערטער, און אין אזא געענדערטן אויסזען איז די פּיעסע אָפּגעדרוקט געוואָרן סאָף דעקאבער 1830 י.

## דער קארגער ריטער.

די דאָזיקע פּיעסע, ווי אויך די דרײַ ווײַטערדיקע, האָט פּושקין אָנגעשריבן אין באָלדינאָ, אין הארבסט 1830 יאָר. פארנעמענדיק זיך מיט דראמאטישער קונסט אויך נאָכן אָנשרײַבן „באָריס גאָדונאָוו" און שענקענדיק, צווישן אנדערן, פיל אויפמערקזאמקײַט די פראגעס פון טעאָריע פון דראמע אין צוזאמענהאנג מיט דער פּאָלעמיק וועגן דער ראָמאנטישער און דער קלאסישער טראגעדיע, וואָס האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט צום סאָף פון די 20־ער יאָרן, האָט פּושקין געשענקט א באזונדערע אויפמערקזאמקײַט דער פראגע פון שילדערן כאראקטערן אָפּ דער סצענע. „די קליינינקע טראגעדיעס", וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין באָלדינאָ אין 1830 יאָר, זײַנען געווידמעט דערהויפּט דער שילדערונג פון כאראקטערן.

„דער קארגער ריטער" איז פארענדיקט געוואָרן דעם 23 אָקטיאבער. פּושקין האָט אים צוגעשריבן דעם ענגלישן שרײַבער טשענסטאָן (אָדער, ריכטיקער שענסטאָן) און האָט אים געוואָלט אויסגעבן פאר אן איבערזעצונג. אין דער ווירקלעכקײַט געהערט די דאָזיקע פּיעסע פּושקינען אליין און זי איז קלאָר ניט קיין נאָכאמונג. בא שענסטאָנען איז אזא ווערק ניטאָ.

„דער קארגער ריטער" איז אָפּגעדרוקט דאָס ערשטע מאָל בא פּושקינס לעבן אין 1836 יאָר, אינעם זשורנאל „סאָווערעמעניק".

## מאָצארט און סאליערי.

די דאָזיקע פּיעסע האָט פּושקין פארענדיקט דעם 26 אָקטיאבער 1830 יאָר אין באָלדינאָ, נאָר ס'איז פאראן יעדיעס, אז פארטראכט האָט ער זי נאָך אין 1826 יאָר. אין גרונט פון דער פּיעסע זײַנען געלייגט געוואָרן ניט קיין זיכערע קלאנגען וועגן דעם, אז מאָצארטן האָט אָפּגעסאמט דער מוזיקער סאליערי, וועלכער האָט אים מעקאנע געווען. די דאָזיקע קלאנגען זײַנען באזונדערס פארשפּרייט געוואָרן נאָך סאליעריס טויט (אין 1825 י.) און זײַנען אפילע דורכגעדרונגען אין דער פּרעסע. די פּיעסע איז אָפּגעדרוקט סאָף 1831 י., און אָנהייב 1832 יאָר האָט מען זי צוויי מאָל געשטעלט אָפּ דער סצענע, נאָר זי האָט ניט געהאט קיין דערפאָלג.

## דער שטיינערנער גאסט.

די לעגענדע וועגן א שפּאנישן אדלמאן, וואָס איז אָפּ א ווונדערלעכן אויפן באשטראָפט געוואָרן פאר זײַן אויסגעלאסן לעבן, איז פּושקינען געווען באוווּסט איבערהויפּט פון מאָליערס פראנצויזישער פּיעסע און פון מאָצארטס אָפּערע. פּושקין האָט אָנגעשריבן זײַן פּיעסע אין באָלדינאָ און האָט זי פארענדיקט דעם 4 נאָיאבער 1830 י. אין דער פּיעסע, איז בלויז די סצענע פונעם אײַנלאדן דעם קאָמאנדאָרס סטאטוע גיט איבער גענוג פּינקטלעך די אנטשפּרעכיקע סצענע אין די פריערדיקע פּיעסעס. אינעם איבעריקן איז פּושקין פולקום זעלבשטענדיק. ווי אין די אנדערע פּיעסעס, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן אין באָלדינאָ, האָט ער אויך דאָ געווענדעט זײַן גאנצע אויפמערקזאמקײַט אָפּ דער שילדערונג פון דאָן זשואנס כאראקטער, און דאָ האָט ער באדײַטנדיק אָפּגעטראָטן פון דער געוויינלעכער נעגאטיווער באציִונג צום העלד. אָנשטאָט דער געשטאלט פון א צוויִעסדיקן טײַוועניק, האָט פּושקין ארויסגעפירט אָפּ דער סצענע אן אופריכטיק אײַנגעליבטן מאן, און דערמיט איז ער אָפּגעגאנגען פון דער אלטער מאניר ארויסצופירן אָפּ דער סצענע בלויז מענטשן פון בוילעטער טוגנט אָדער בוילעטע אויסוואורפן.

פושקינס פיעסע איז פארבליבן ניט באארבעט אין איניקע קלייניקייטן (עטלעכע ניט־ריכטיקע פערזן און אומגעשיקטע פראזעס), דערפאר וואָס זי איז ניט געדרוקט געווען בא זיין לעבן און איז פארבליבן אין א מאנוסקריפּט, וואָס איז ניט אויסגעבעסערט געוואָרן ענדגילטיק. אָפּגעדרוקט האָט מען זי שוין נאָך פּושקינס טויט מיט באדייטנדיקע „אויסבעסערונגען“, וועלכע ס׳האָבן געמאכט די ארויסגעבער. דאָ גיבן מיר זי אין יענעם אויסזען, ווי עס האָט זי אָנגעשריבן פושקין.

## א באל אין דער צייט פון פעסט.

די דאָזיקע פּיעסע האָט פושקין פארענדיקט אין באָלדינאָ דעם 6 נאָיאבער 1830 י. זי שטעלט מיט זיך פאָר אן איבערזעצונג פון א סצענע פון דער טראגעדיע פונעם ענגלישן דראמאטורג ווילסאָן „די פארפּעסטעטע שטאָט“, ווו עס איז באשריבן די פּעסט אין לאָנדאָן אין 1665 י. פושקינס איבערזעצונג איז נאָענט צום ענגלישן אָריגינאל, אויסער די ארייַנגעשטעלטע לידער, וועלכע פעלן צונויפּ מיטן ענגלישן אָריגינאל בלויז טיילווייַז. פושקינס פּיעסע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 1832 י. אינעם אלמאנאך „אלציאָנא“. דער אויסוואל פון דער דאָזיקער טעמע דערקלערט זיך דערמיט, וואָס, בייס פושקין האָט פארבראכט אין באָלדינאָ, האָט זיך אין רוסלאנד צעשפּילט אן עפּידעמיע פון כאָלערע, וואָס איז באגלייט געוואָרן מיט כאָלערע־בונטן. די באדינגונגען פון דער פארפּעסטעטער שטאָט האָבן אנטשפּראָכן דעם בילד פון די כאָלערע־שטעט אין רוסלאנד, וואָס זייַנען געווען ארומגעכאפּט מיט דער עפּידעמיע און ארומגענומען מיט קאראנטינען.

## רוסאלקע.

די דאָזיקע דראמע. איבער וועלכער פושקין האָט געארבעט אין פארלויפּ פון עטלעכע יאָר, איז געבליבן ניט פארענדיקט. די ארבעט איבער דער פּיעסע איז אָנגעהויבן סאָף 1829 יאָר און האָט געדויערט ביז פרילינג 1832 י. פושקינס פּלאן געפינט זיך אין א געוויסער אָפּהענגיקייט פון דער פּאָפּולערער אין יענע יאָרן אָפּערע „דניעפּרישע רוסאלקע“ (איבערגעמאכט פון דייַטש). פון איר האָט פושקין גענומען די גרונט־שטריכן פונעם סיוזשעט (א מיידל, וואָס א פירשט פארלאָזט זי, און זי ווערט א רוסאלקע), אָבער די האנדלונג אין איר האָט ער אנטוויקלט אינגאנצן זעלבשטענדיק. אפּ דעם זעלבן סיוזשעט האָט פושקין אָנגעשריבן אייגע פון די „לידער פון די מייַרעוודיקע סלאוון“ („יאניש—דער פרינץ“), וועלכע פושקין האָט אויסגעגעבן פאר אן איבערזעצונג פון א טשעכישער ליד (אין דערווירקלעכקייַט איז עס ניט אזוי).



## סצענעס פון די ריטערישע צייַטן.

די דאָזיקע ניט פארענדיקטע פּראָזאִישע פּיעסע (אָדער קאָנספּעקט פון א פּיעסע) האָט פושקין אָנגעשריבן אין 1835 י. אין די יאָרן האָט זיך פושקין שטארק אָפּגעגעבן מיט היסטאָרישע פראגעס; צווישן אנדערע האָט אים אינטערעסירט די פראגע וועגן דער אנטשטייונג פון דער אייראָפּייִשער מעלוכע־אָרדענונג פון זייַן צייַט, און צוליב דעם האָט ער דערלערנט סיי די געשיכטע פון דער פראנצויזישער רעוואָליוציע, סיי די געשיכטע פונעם פעאָדאליזם און פונעם קלאסנקאמפּ סאָף מיטלאלטער. אזעלכע פראגעס, ווי די אנטשטייונג פונעם דריטן שטאנד (בורזשואזיע), ווי די פויערשע באוועגונגען, ווי די היסטאָרישע באדייַטונג פון אנטדעקונגען און דערפינדונגען (פון פולווער, בוך־דרוק א.א.), זייַנען געווען די גרונט־פראגעס, וואָס האָבן פושקינען אינטערעסירט. אויב אינעם „קארגן ריטער“ האָט פושקין בלויז לייַכט בארירט די עפּאָכע פון דער פאנאנדערלייגונג פונעם פעאָדאלן ריטערטום, ווען די פריציש־מיליטערישע סיסטעם ווערט פארביטן דורך א נייַער, געגרינדעט אפּ געלט־אָנזאמלונג, און די דאָזיקע עפּאָכע האָט ער גענומען איבערהויפּט אלס די אומגעבונג אפּ צו מאָלן אפּ איר גרונט כאראקטערן, לאָזנדיק דערבייַ אין שאָטן די סאָציאַל־היסטאָרישע באדייַטונג פון די אָנגעוויזענע פאקטן, — איז אין די „סצענעס פון די ריטערישע צייַטן“ ווענדעט שוין פושקין די הויפּט־אופמערקזאמקייַט אפּ דער היסטאָרישער באדייַטונג פון די דערשייַנונגען, וואָס ער שילדערט.

די פּיעסע איז געבליבן ניט פארענדיקט. ווייַזט אויס, אז ווייַטער האָט דער שלאָס, אין וועלכן מ׳האָט פארשפּארט פראנצן, געזאָלט אופגעריסן ווערן מיט דעם פולווער, וועלכן ס׳האָט דערפונדן בערטאָלד (זע ראָטענפעלדס ווערטער: „מיר וועלן אים פארשליסן אין טורמע, און איך גיב מייַן ערן־וואָרט, אז ער וועט פון דאָרט ניט ארויסגיין, ביזוואנען די ווענט פון מייַן שלאָס וועלן זיך ניט אופהייבן אינדערלופטן און וועלן זיך ניט צעשיטן“): דער דאָזיקער אופרייַס איז אפּ א וועלכן ניט איז אויפן פארבונדן מיט א פויערשן אופשטאנד, וואָס דער אָנפירער פון אים איז פראנצ.

פושקינס פּיעסע איז ניט אינגאנצן אָריגינעל: עטוואָס דערמאָנט זי די פראנצויזישע פּיעסע פון פ. מערימע „זשאקעריע“, ווו עס איז געשילדערט דער פויערשער אופשטאנד פון 1358 י.

דער נאָמען פון דער פּיעסע איז ניט פושקינס. אינעם מאנוסקריפּט שטייט אין קעפּל בלויז דאָס וואָרט „פּלאן“. דעם נאָמען האָבן צוגעטראכט שפּעטער די ארויסגעבער.

# אינהאלט.



---

## באמערקטע דרוק־פעלערן

| זײַט | שורע | אָפגעדרוקט | דארף זײַן |
|---|---|---|---|
| 9 | 20,19 פונױבן | א טאליענס[8], די בארמעס | א טאליענס, די בארמעס[8] |
| 23 | 1 „ | פילגעפּאָלגטער | פילגעפּלאָגטער |
| 125 | 4 „ | טרעפלעך | טרעפלעך |
| 138 | 2 „ | געוואנט | געוואגט |
| 141 | 17 „ | געוואנט | געוואגט |
| 232 | 1 פונונטן | וואלד פון הונגער... | אין וואלד פון הונגער... |

